
קינדער
פון דער וועלט
ב.מ.
I העפט
פאַרלאַג „צישאָ״ ווילנע 1940

# קינדער פֿון דער וועלט

העפֿט I



פֿאַרלאַג „ציִשאָ" ווילנע

194[illegible]

מ. ראָזנפעלד

# מײַן ייִנגעלע

איך האָב אַ קלײן ייִנגעלע,
אַ זונעלע גאָר פֿײַן!
װען איך דערזע אים, דאַכט זיך מיר —
די גאַנצע װעלט איז מײַן.

נאָר זעלטן, זעלטן זע איך אים,
מײַן שײנער, װען ער װאַכט;
איך טרעף אים תּמיד שלאָפֿנדיק,
איך זע אים נאָר בײַ נאַכט.

די אַרבעט טרײַבט מיך פֿרי אַרױס
און לאָזט מיך שפּעט צוריק;
אָ, פֿרעמד איז ער מײַן אײגן לײַב!
אָ, פֿרעמד מײַן קינדס אַ בליק!

איך קום צעקלעמטערהײט אַ הײם,
אין פֿינצטערניש געהילט;
מײַן בלײכע פֿרױ דערצײלט מיר באַלד,
װי פֿײַן דאָס קינד זיך שפּילט.

װי זיס עס רעדט, װי קלוג עס פֿרעגט:
„אָ, מאַמע, גוטע מאַ,
װען קומט און ברענגט אַ פּעני מיר
מײַן גוטער, גוטער פּאַ?״

איך שטײ בײַ זײַן געלעגערל
און זע און הער אײַן — שאַ!
אַ טרױם באַװעגט די ליפּעלעך:
„אָ, װוּ איז, װוּ איז פּאַ?״

איך קוש די בלױע אײגעלעך;
זײ עפֿענען זיך: „אָ, קינד!״
זײ זעען מיך — זײ זעען מיך
און שליסן זיך געשװינד.

דאָ שטײט דײַן פּאַפּאַ, טײַערער,
אַ פּענעלע דיר נאַ!
אַ טרױם באַװעגט די ליפּעלעך,
„אָ, װוּ איז, װוּ איז פּאַ?״

איך בלײַב צעװײטיקט און צעקלעמט
פֿאַרביטערט און איך קלער:
„װען דו װאַכסט אױף אַ מאָל, מײַן קינד,
געפֿינסטו מיך ניט מער...״

דוד בערגעלסאָן

# פּענעק אין חדר

1

די שטוב האָט געהאַט אַן ערדענע, געל־געשמירטע פּאָד־לאָגע. די לופֿט האָט געשמעקט מיט אײַנגעריכטע קינדער, כאָטש קיין קינדער איז דאָ נישט געווען. רעכטס, אין ווינקל — לעבן דער קאַלטער הרובע — איז געשטאַנען דער הילער נישט־געפּאַרבטער טיש, צווישן טיש און הרובע — אַ שמאָלע, צופֿיל הויכע באַנק. אויף דער באַנק איז געזעסן איבער אַן אָפֿענער גמרא שלומה־דוד, געהאַלטן דעם רעכטן גראָבן פֿינגער צווישן די באַקציינער. ער וואַרט שוין אַ שעה דרײַ און איז מסובן אין כעס, הלמאַי ער וואַרט. אַז פּענעק איז אַרײַן, האָט זײַן רעכטס אויג אַ קוק געגעבן אויף אים און זיך אָנגעצונדן. זײַן מויל האָט אין לינקן ווינקל געעפֿנט אַ קליין לעכעלע, דורכן לעכעלע אויסגעשאָסן:

— טו זיך אויס.

— קום אַהער.

— זעץ זיך אַנידער.

די צונג אין זײַן מויל האָט אויסגעקלאַפּט, ווי אַ ביינער־דיקע:

— נענטער צו מיר.

ווידער אַרײַנגעקוקט דעם נאָסן גראָבן פֿינגער צווישן די באַקציינער:

— זאָג, וואָס קאָנסטו?

— וואָסטו געלערנט?

פּענעק טבֿע איז בײַ שליסן באַקאַנטשאַפֿט מיט מענטשן — אָנידערלייגן דעם גאַנצן אמת אויפֿן טיש. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיטן קאָפּ:

— אייסעך... אַ סך און אַ ביסל...

— כ'האָב כמעט גאָרנישט ניט געלערנט...

— ווען האָב איך געקאָנט לערנען?..

שלומה־דוד האָט אַ ווײַז געגעבן אויף אָן אָרט אין דער גמרא:

— דאָ האָסטו געלערנט?

— ווו דען האָסטו געלערנט?

— דאָ האָסטו געלערנט?

— זאָג!...

ווײַזט זיך אַרויס:

פּענעק קאָן מער, ווי מע האָט געקאָנט האָפֿן. פּענעק אַליין וווּנדערט זיך — אַלע ערטער, וואָס מע האָט מיט אים חיפּל ניט איז געלערנט, זײַנען בײַ אים אין קאָפּ פֿאַרבליבן גאַנץ פֿעסט.

פּענעק שעמט זיך, שעמט זיך אַליין זאָגט דאָך אויס — פּשוט, כּדי ווייך צו מאַכן דאָס אַ בייזע מענטשל, וואָס הייסט שלומה־דוד:

— מע מעג מיך פֿרעגן וואָס פֿאַר אַ וואָרט מע וויל, וועל איך זאָגן אויסווייניק, ווו סע שטייט — אין וואָסער קאַפּיטל און אויף וואָסער זײַט.

2

נאָר אָט ווערט שוין נאָך אײנס אַ זייגער בײַטאָג — פּענעק האָט חשק אויפֿצושטיין פֿון טיש. אַרום אים זײַנען מער קיין חדר־ייִנגלעך ניטאָ; דאָס גיט אים צו פֿילן, אַז ער איז שוין

„מעס אַ דערוואַקסענער – שלומה־דוד וועס, אַ פּנים, לערנען מיט אים איינעם אַליין דעם גאַנצן ווינטער. פּענעק זאָגט טאַקע בײַם אויפשטיין פֿון טיש מעשה גרויסער:

— צײַט צו גיין אַהיים עסן.

— שלומה־דוד טוט אָבער אַ בורטשע:

זיך אויפֿן אָרט!

פּענעק:

— וואָס מײ ַנ איר?

פּענעק איז זיכער: דאָ איז געשען אַ טעות – ווי קאָן ער דאָ בלײַבן זיצן, אַז ס'איז איצט פּונקט צײַט צו גיין אַהיים עסן? זײַנע אויגן, גרייט צו שמייכלען, קוקן מיט הונדער אויף שלומה־דודן — עפּעס טאַקע אַ שטיקל „טשודנער" מענטש... אַ מין בייז בורטשען:

— „זיך אויפֿן אָרט!"...

— אַהאַ! – זאָגט פּענעק, – איך פֿאַרשטײ שוין... איר מיינט אוודאי, איך וועל אַוועק און צוריק ניט קומען... אויב אַזוי, האָט איר אַ טעות – כ'האָב אײַך געזאָגט: באַלד נאָכן עסן קום איך.

ער וויל אַזש שמייכלען, וואָס שלומה־דוד הייבט אים ניט אָן צו קענען.

— ווייסט איר וואָס? – איך גיב אײַך מײַן וואָרט... סע מעג אַפילו דונערן און בליצן...

— ער מיינט עס טאַקע אויף אַן אמת.

— שוין גוט?

פּענעק, אַז ער זאָגט: „איך גיב מײַן וואָרט", איז הייליק; שטענדיק אַזוי – אין דעם מוזן מודה זײַן אַפילו זײַנע גרעסטע שונאים אין דער היים – ער גיט זײַן וואָרט זייער זעלטן, נאָר אַז ער זאָגט, איז געזאָגט.

איצט איז פּענעקן מער קיין ספק ניט, אַז די זאַך איז געמאַכט. מיט זיכערע הענט נעמט ער זיך צו זײַן בורנעס, מיט אַ מאָל אָבער איז געשען אַזוינס, אויף וואָס פּענעק האָט זיך בשום אופֿן ניט געריכט: בײַ שלומה־דודן האָט זיך מטוכן

אנגעצונדן דאָס רעכטע אויג, די לינקע שלומה-דודס האַנט — אַ דאַרע מיט העליש-רויטע פּליאַמעס אויף דער דלאָניע — האָט אַרויסגעריסן בײַ פּענעקן דאָס בורנעסל, און אין דער אײגענער צײַט האָט די רעכטע שלומה-דודס האַנט אַראָפּגעלאָזט פּענעקן אַ שווערן און הייסן פּליאַסק אין דער לינקער באַק.

פּענעק האָט אַ קוק געגעבן אויף שלומה-דודן זײער ערנסט, מיט גרויס חידוש:

— וואָס טוט זיך מיט דעם אַ מענטשן?..

די צײַנדלעך האָבן זיך פֿאַרקוועטשט, די הענט האָבן אַ ריס געטאָן בײַ שלומה-דודן דאָס בורנעסל:

— גיט מיר אָפּ מײַן בורנעסל!

שטיל.

פּענעק.

— גיט מיר אָפּ זאָג איך!

ווידער שטיל. שלומה-דוד אָטעמט שווער דורכן שמאָלן נעזל; זײַנע הענט האַלטן דאָס בורנעסל, ווי מיט אײַזערנע צוואַנגען.

אין פּענעקן וואַקסט דער כּעס, בעת ער רײַסט צו זיך דאָס בורנעסל:

— גיט מיר אָפּ, זאָג איך!

— איר הערט?!..

— איך וועל מיר אָנשפּײַען...

— איר זײַט אַ משוגענער!

— איך וועל בײַ אײַך ניט לערנען...

זײַנע אויגן האָבן געקוקט: שלומה-דוד אָטעמט שוין אין גאַנצן ניט — אַפֿילו ניט דורכן נעזל, עפֿנט אַ לעכעלע אין מויל-ווינקל, שיט אויס אַ פּאָר קלאַנגען.

— ווילסט ניט?..

מיט דער לינקער פֿאַרוואָרפֿענער האַנט האָט ער דערלאַנגט אַ פּליאַסק אין פּענעקס רעכטער באַק, זיך אויפֿגעהויבן פֿון דער באַנק, צוגעמאַכט דאָס לעכעלע אין מויל-ווינקל:

— וועט זײַן אומגעוועלט!

—

פּענעקן איז ניט געבליבן קיין צײַט אַ טראַכט צו געבן, פֿאַר וואָס שטאַרצט בײַ אים אַזוי שטאַרק זײַן רעכט אויג — בלינד געוואָרן, צי ניין; ער האָט קוים באַוויזן אַ וואָרף צו געבן:

— כ׳האָב אײַך אין דער ערד מיטן בורנעסל!

— איך וועל גיין אַזוי...

— אַ לויף געגעבן צו דער טיר, נאָר ניט דערלאָפֿן: די משוגע געוואָרענע הענט האָבן אים געשווינד דעריאָגט, אים אַ צי געטאָן צוריק צום מיטן שטוב, אומגעוואַלגערט, גענומען אין אים קאָדושען. שלומה־דודן האָט שוין מער ניט געקלעקט קיין אָטעם:

— טו אויס די שיך!

— באַלד...

— די רגע!

— טו אויס די שיך, זאָגט מען דיר!

— עסט אויסטאָן!..

— עסט אויסטאָן!..

נעכטיקע טעג! בײַם אומוואַלגערן פּענעקן האָט שלומה־דוד באַוויזן אָנצוכאַפּן ניט מער, ווי דעם לינקן פֿוס, און ניט אַזוי גרינג ווען אים אָנקומען אַראָפּצושלעפּן פֿונעם פֿוס דעם שוך; פּענעק פֿילט, אַז אין רעכטן פֿוס האָבן זיך צונויפֿגעקליבן אַלע זײַנע קרעפֿטן — האַרטע קרעפֿטן, ווי דער כעס, וואָס ברענט אין אים; מיטן רעכטן פֿוס, מיטן שוך, מיטן אָפּצאָס האָט ער זיך שלומה־דודן, ווי אין אַ הייפּל קרויט. נאָר שלומה־דוד האָט געכאַפּט פּענעקס אַראָפּגעשלעפּטן שוך אין דער האַנט, ער שפּרינגט אָפּ אָן אַ זײַט, פֿאַרשטעלט מיט זיך די טיר, כּדי פּענעק זאָל ניט אַנטלויפֿן; ער דערלאַנגט אַ געשריי צו זײַן חבֿיב אין קיך אַרײַן:

— שׂרה־ליבע!

אין קיך איז געווען פּוסט. אין איין שוך און אין איין זאָק איז פּענעק אויפֿגעשפּרונגען פֿון דער פּאָדלאָגע; זײַן אָנטאָן — דורכויס אין געלן ליים, זײַנע אויגן — בייזע פֿונקען:

— גיב אָפּ דעם שוך, משוגענער!

— גיב אָפּ!

שלומה־דוד האָט זיך באַנײַס אויף אים אַ לאָז געטאָן.

ס'איז געווען אַ שווער געשלעג, אַ ביטער געראַנגל צווישן די ביידע. פּענעק האָט זיך אַ טראָג געטאָן צום נאָענטן פענצטער, אויף גיך מיטן רעכטן עלנבויגן אַרויסגעזועצט ביידע הינטערשטע שויבן. ער האָט שוין אין גאַנצן אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם, וואָס זײַנע הענט טוען. אויפן פענצטער איז, אַ פּולס מיט זאַמדיקער ערד, געשטאַנען אַ טעפּל מיט אַ פאַרטריקנטער וואַזאָנע. פּענעק האָט דאָס טעפּל אַ כאַפּ געטאָן, אַ קוק געגעבן אויפן שטויב, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אין שטוב, און האָט זיך פאַרמאָסטן אויף אַ שלײַדער צו טאָן.

— גיסט אָפּ דעם שוך!..

— משוגענער!..

פּענעק האָט דערפילט, ווי דער ניצחון הייבט אָן איבער־צוגיין אויף זײַן זײַט.

זײַנע אויגן האָבן געקוקט, ווי שלומה־דוד האָט דערשראָקן אַרויסגעלאָזט דעם שוך פון די הענט, אָפּגעטראָטן פון טיר מיט צעעפנטע ציטערדיקע ליפּן, זײַן שיטער באַוואַקסן פּנים — באַ־דעקט מיט שווייס: אַ דאַר יידל אַ באַזיגטס... אַ ווערעמדיקס אַזאַ — ס'האָט מסוכן מורא פאַר דער וואַזאָנע אין פּענעקס הענט און טע הערט דאָך ניט אויף צו בורטשען:

— בויאַן!..

— סאַמאָוואָליעץ!..

# װיגליד

כ'האָב דיך, מײַן קינד, שלאָפֿן געלײגט,
זאָלסטו מיר שלאָפֿן געזונטערהײט!
געזונטערהײט זאָלסטו מיר ליגן,
און איך װעל דיר זינגען און איך װעל דיר װיגן.
שלאָף מײַן קינד, שלאָף, מײַן קינד,
דו זאָלסט מיר לעבן און זײַן געזונט!

אַז כ'װאָלט געהאַט דעם קײסערס אוצרות מיט זײַן
גאַנצער מלוכה
װאָלט דאָס גאָר ניט זײַן בײַ מיר אַזױ גרױס ניחת,
װי דו ביסט בײַ מיר ניחת, מײַן ליכט, מײַן שײַן!
אַז איך דערזע דיך, מײַן איך—די גאַנצע װעלט איז מײַן!
שלאָף, מײַן קינד, אַאַד'ו.

אַלע בריליאַנטן און אַלע אַנטיקן
קענען דאָך מײַן האַרץ אַזױ פֿיל ניט דערקװיקן,
װיפֿל דו טוסט דערקװיקן, מײַן ליכט, מײַן שײַן,
מיט דיר, דוכט זיך מיר— די גאַנצע װעלט איז מײַן!
שלאָף, מײַן קינד, אַאַז'ו.

װען איך טו מיר אַ מאָל װען דיר פֿאַרקלערן,
דאַכט זיך מיר, איך זע די זון מיט די שטערן,
װען דו מיט דײַן געלעכטער טוסט צו מיר רײדן —
עפֿענען זיך פֿאַר מיר די טירן פֿון גן־עדן
שלאָף, מײַן קינד, אַאַז'ו.

דער טאַטע האָט דאָס קינד ניט געלערנט. װאָס גאָט האָט געבאָטן,
װעט מען אים אויף יענער װעלט ברעגען און בראָטן;
און דו, מײַן ליב קינד. מיט דײַן צידקות זאָלסט זיך מיִען
דײַן טאַטן פֿון גהינום אַרויסצוציִען!
שלאָף, מײַן קינד, אַאַז״ה.

די טירן פֿון גן-עדן װעלן אָפֿן שטײן.
אַז איך װעל אויף יענער װעלט דאַרפֿן זײַן.
דו װעסט דאָך זײַן אַ פֿרומער און אַ גוטער,
װעט מען זאָגן: לאָזט אַרײַן דעם צדיקס מוטער!
שלאָף, מײַן קינד, אַאַז״ה.

דו האָסט שוין, מײַן קינד, דײַנע אײגעלעך פֿאַרמאַכט,
װי די שײנע זון נײַט אונטער פֿאַרנאַכט.
זאָלסט זײַ װידער עפֿענען פֿון דײַן זיסער רו,
װי די שײנע זון גײט אויף אין דער פֿרי
שלאָף, מײַן קינד, אַאַז״ה.

דו שלאָפֿסט שוין, מײַן קינד, װעסט שוין רויִק ליגן,
כ׳גײ שוין אַהײם, געזונט דיך שוין װיגן,
און דער גוטער מלאך זאָל דאָ שטײן בײַ דײַן װיגל,
ער זאָל דיך דאָ היטן, באַשיצן מיט זײַן פֿליגל
שלאָף, מײַן קינד, אַאַז״ה.

פֿאָלקסליד.

## אַלעקסיי טאָלסטאָי

# קינדהייט

### אַ זוניקער פרימאָרגן

ניקיטאַ האָט טיף אָפּגעאָטעמט, זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און צעעפנט די אויגן. דער פראָסט האָט באַדעקט די שויבן מיט אַ וווּנדערלעכן געמעל. דורך די זילבערנע בלעטער און שימערירנדיק־בריליאַנטענע שטערן האָט אַדורכגעשײַנט די זון; אַ פרײלעכער שטראַל האָט אויפגעבליצט אין וואַסער פון שיסל און זיך אָפּגעשלאָגן מיט אַ רירעוודיקן פלעק אָן דער וואַנט. אין צימער איז שוין געווען גוט ליכטיק.

עפענענדיק די אויגן, האָט זיך דאָס יינגל באַלד דערמאָנט, נעכטן אָוונט האָט אים פּאַכאָם דער טישלער געזאָגט:

— וועסט זען, כ'וועל גוט אויסשמירן, שפּעטער באַגיסן, און באַגינען, ווי נאָר דו וועסט אויפשטיין, וועסטו קענען זיך אַרײַנזעצן און פאָרן.

ניקיטאַ האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן ברעג פון בעט און אָנגעהויבן זיך אײַנצוהערן. אין שטוב איז געווען אין גאַנצן שטיל; אַלע זײַנען נאָך מסתמא געשלאָפן. אויסגעצייכנט! מען קען זיך אָנטאָן אין משך פון אַ מינוט (פאַרשטייט זיך, אַז אָן וואַשן דאָס פּנים און שווענקען דאָס מויל), אַרויסגנבֿענען זיך דורך דער קיכטיר אויפן הויף און פון דאָרט צום טײַך. די שיפּוועדיקע ברעגעס זײַנען מן הסתם פול פאַרשאָטן מיט שניי; מען דאַרף זיך נאָר זעצן און אַראָפּפאָרן!

ניקיטאַ האָט זיך אַראָפּגעשאַרט פֿון בעט און אויף די שפּיץ פֿינגער שטיל געגאַנגען איבער די זוניקע פּלעקן, וואָס האָבן זיך געשפּרייט אויפֿן דיל.

אין דעם האָט זיך די טיר אַ ביסל געעפֿנט און דורך דער שפּאַרע האָט זיך אַרײַנגערוקט אַ פּנים מיט ברילן, מיט שטײַפֿע געלבלעכע ברעמען און אַ העל געל בערדל. דער אַרײַנגערוקטער קאָפּ האָט פֿילדײַטנדיק אַ שאָקל געטאָן און געזאָגט:

— אַהאַ, שטייסט שוין אויף, קונדאַס?

דער מענטש מיטן געלן בערדל, ניקיטאַס לערער אַרקאַדי איוואַנאָוויטש, האָט, ווײַזט אויס, נאָך נעכטן דערשנאַפּט, וואָס עס גרייט זיך, און איז אויפֿגעשטאַנען פֿריִער. ווי אויסטערליש קלוג און כיטרע ס'איז דער דאָזיקער אַרקאַדי איוואַנאָוויטש. ער איז אַרײַן אין צימער מיט אַ גנבֿיש שמייכעלע, דערנענטערט זיך צום פֿענצטער און גענומען הויכן אויף די פֿאַרפֿרוירענע שויבן ביז זיי זײַנען געוואָרן טײלווײַז דורכזיכטיק. ער האָט זיך פֿאַרריכט די ברילן און אַ בליק געטאָן אויפֿן הויף.

— אויף דער וועראַנדע — האָט ער געזאָגט — שטייט אַ וווּנדער־שיין שליטעלע...

ניקיטאַ איז געשטאַנען אָן אָנגעבלאָזענער און געשוויגן. ער האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז איצט וועט מען זיך מוזן נישט נאָר אָנטאָן, נאָר אויך אויסוואַשן די ציין, דאָס פּנים, די אויערן, און אַפֿילו דעם האַלדז אויך.

* * *

די ברייטע און גרויסע וועלט איז אין גאַנצן געווען פֿאַרשאָטן מיט ווײַסן, פֿינקלדיקן און ווייכן שניי. דאָ און דאָרט האָט מען געזען סימנים פֿון מענטשישע און היניטישע טריט. די שאַרפֿע, קאַלטע לופֿט האָט געשטאָכן אין דער נאָז און געקנײַפּט אין די באַקן.

ניקיטאַ איז ווי אַ ווינט געפֿלויגן פֿון די פֿאַרפֿרוירענע וועראַנדע־שטיגעלעך. באַלד לעבן דער וועראַנדע איז געשטאַנען דאָס נײַע שליטעלע, גרייט אין וועג אַרײַן; אַפֿילו דאָס שטאַרקע,

פֿאַרדרייטע שטריקל איז אויך שוין געווען צוגעבונדן צום אייבערשטן ברעטל.

איצט האָט ער פֿון אַלע זײַטן באַטראַכט זײַן נײַ שפּילכל און מודה געווען, אַז ס'איז אויסגעצייכנט געמאַכט; ער האָט אויסגעפּרוּווט, צי עס פֿאָרט גוט אַראָפּ, און אַ צופֿרידענער פֿאַרוואָרפֿן עס אויף די פּלייצעס, טראַכטנדיק דערבײַ, אַז דאָס שליטעלע איז אים שוין פֿון לאַנג געווען נייטיק. אַ רגע שפּעטער איז ער שוין געלאָפֿן הענדום־פּענדום דורכן גאָרטן, אין דער זײַט פֿון פּאַרקאַן. דאָרט איז געוואַקסן אַ שורה ריזיקע ביימער. זייערע גרויסע, מיט גלאַנציקן שניי באַדעקטע צווײַגן, האָבן זיך געהויבן צום הימל.

ניקיטקאַ האָט זיך איצט געלאָזט רעכטס, - באַמיִענדיק זיך צו גיין אויף די שפּורן, וואָס עמעצער האָט איבערגעלאָזט אין שניי; אין די ערטער, וווּ דער שניי איז נישט געווען גערירט, איז ער געגאַנגען הינטערווײַלעכץ, כּדי צו באַשווערן אַרקאַדי איוואַנאָוויטשן דאָס יאָגן זיך נאָך אים.

אויף די טיפֿע ברעגעס פֿון טײַכל טשאַגרי האָבן זיך געשאַפֿן אין די לעצטע טעג גאַנצע בערגער שניי; אין געוויסע ערטער איז דער שניי געהאָנגען אין דער לופֿטן, בילדנדיק פֿאַנטאַסטישע ליניעס. גענוג געווען זיך אַוועקצושטעלן מיט אַ פֿוס, אַז דער גאַנצער פּוכיקער באַרג זאָל זיך גלײַך צעשיטן אין אַ שנייִקן וואָלקנדל, פֿאַרדעקנדיק אַ רגע אַלץ אַרום.

ניקיטקאַ האָט אַוועקגעוואָרפֿן דעם רידל און אַוועקגעשטעלט דאָס שליטעלע אין שניי; מיט איין באַוועגונג האָט ער אַריבערגעוואָרפֿן אַ פֿוס אָן, אָנכאַפּנדיק דאָס שטריקל, האָט ער זיך פֿעסט אָפּגעשלאָגן מיט די אָפּצאַסן, און דאָס שליטעלע האָט זיך גענומען אַראָפּגליטשן פֿון באַרג. דער ווינט האָט אים איצט געפּײַפֿט אין די אויערן, און פֿון ביידע זײַטן שליטן האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ געדיכטער שנייִקער וואָלקן. ער איז געפֿלויגן ווי אַ רוח, וואָס אַ מאָל נידעריקער. אין דעם אָרט, וווּ דער שניי האָט זיך איבערגעריסן איבערן טײַך, איז דאָס שליטעלע אַריבערגעשפּרונגען אין דער לופֿטן און אַרויף אויפֿן אײַז;

איצט איז עס געפֿאָרן װאָס אַ מאָל פּאַמעלעכער, ביז ס'איז געבליבן שטיין.

ניקיטאַ האָט זיך פֿריידיק פֿונאַנדערגעלאַכט, איז אַראָפּ־געגאַנגען פֿון שליטן און האָט אים אָנגעהױבן אַרױפֿציִען אױפֿן באַרג, צובינדנדיק זיך דאָס שטריקל צו דער קני. װען ער איז ענדלעך צוריק אַרױפֿגעקראָכן אױפֿן טיפֿן ברעג, האָט ער פֿון דער װײַטנס, אױפֿן װײַסן, פֿאַרשנײטן פֿעלד, דערזען אַ טונקלען סילועט.

— דאָס איז אַװדאי אַרקאַדי איװאַנאָװיטש — האָט ניקיטאַ אַ טראַכט געטאָן.

דאָס יִנגל האָט געכאַפּט דאָס שליטעלע און װי אַמשנעלסטן אַראָפּגעפֿאָרן פֿון דער הײך; נאָך דעם איז ער געפֿלױגן איבערן אײַז צו דעם אָרט, װוּ ס'זײַנען אַראָפּגעהאָנגען גאַנצע מאַסן שנײ פֿון טיפֿן ברעג.

איצט האָט ער זיך פֿאַררוקט אונטערן װײַסן, פּוכיקן דאַך און האָט אָנגעהױבן גראָבן אַ הײל. כּדי זיך אין איר צו באַהאַלטן. די אַרבעט איז געגאַנגען שנעל און גוט, װײַל דער שנײ איז נישט געװען האַרט. עס זענען אין גאַנצן אַדורך עטלעכע רגעס און שױן איז די הײל געװען פֿאַרטיק.

ניקיטאַ איז פֿלינק אַרײַנגעקראָכן אינעװײניק, אַרײַנגעצױגן דעם שליטן און פֿאַרשטעלט דעם אַרײַנגאַנג מיט הױפֿנס שנײ. אינעװײניק האָט געהערשט אַ בלאָע טונקלקײט, ס'איז געװען געמיטלעך און אָנגענעם.

ניקיטאַ איז געזעסן און געטראַכט מיט פֿרײד, אַז קײנער פֿון די יִנגלעך האָט נישט אַזאַ שײן שליטעלע. ער האָט אַרױסגענומען אַ מעסערל און אָנגעהױבן אױסקריצן אױפֿן ברעטל זײַן נאָמען.

— ניקיטאַ, װוּ ביסטו אַהינגעקומען? — האָט ער דערהערט אַרקאַדי איװאַנאָװיטשעס שטים.

דאָס יִנגל האָט אַרײַנגעלײגט דאָס מעסערל אין קעשענע און בענומען אַרױסקוקן אין דרױסן דורך אַ שפּאַרונקעלע צװישן

די שנייקוילן. אויפן פאַרפאָראָרענעם טײַך איז געשטאַנען דער לערער און פאַרריסן דעם קאָפּ אין דער הייך.

— ווו ביסטו, קונדאַס?

אַרקאַדי איוואַנאָוויטש האָט זיך פאַרריכט די פענסנע און אַנגעהויבן גיין אין דער ריכטונג פון דער באַהעלטעניש. אָבער ווי נאָר ער האָט געמאַכט עטלעכע טריט, איז ער אין גאַנצן אַרײַנגעפאַלן אין שניי.

— קריך אַרויס, ווײַל איך וועל דיך סײַ ווי פון דאָרטן אַרויסשלעפּן.

ניקיטאַ האָט אָבער עקשנותדיק געשוויגן. אַרקאַדי איוואַ-נאָוויטש איז נישט אָפּגעשטאַנען און ווידער געפּרוּווט אַרויפ-קלעטערן אין דער הייך. דער שניי איז אָבער געווען ווייך און האָט זיך בײַ יעדן טריט אַראָפּגעשאָרט.

דער לערער האָט אַרײַנגעשטעקט די הענט אין די קעשענעס און געזאָגט:

— אויב דו ווילסט נישט אַרויסגיין, איז נישט. זיץ זיך ווו דו ווילסט. איך האָב דיר נאָר געוואָלט זאָגן, אַז די מאַמע, האָט באַקומען אַ בריוו פון סאַמאַרע... צום ווידערזען. איך גיי אַ היים.

— וואָסער בריוו? — האָט ניקיטאַ אַ געשריי געטאָן.

— וואָרשײַנלעך וועלן אויף יום-טוב קומען געסט...

אין דער זעלבער רגע האָבן זיך געזומען שיטן גאַנצע הויפנס שניי, און ניקיטאַס קאָפּ האָט זיך באַוויזן פון דער באַהעלטעניש.

אַרקאַדי איוואַנאָוויטש האָט פריילעך געלאַכט.

## די מילחמה

ניקיטאַ און מישקאַ קאָראָשאָטעק זײַנען געגאַנגען אין דאָרף אַרײַן דורכן סאַד און פאַרפרוירענעם טײַך, ווײַל דאָס איז געווען דער נאָענטסטער וועג. ווען זיי זײַנען געגאַנגען איבערן אײַז, פון וועלכן דער ווינט האָט אַראָפּגעוויט דעם שניי,

האָט זיך מישקאַ אויף אַ ווײַלע פֿאַרהאַלטן, אַרויסגענומען פֿון קעשענע אַ מעסערל און אַ שאַכטל שוועבעלעך, און אויסווזכנדיק אַ פּאַסיק אָרט, האָט ער גענומען קלאַפּן מיטן אָפּצאַס אין אײַזדעק.

אונטערן אײַז האָבן זיך געפֿונען גאָזבלעזלעך, וועלכע האָבן זיך נישט געקאָנט אַרויסקריגן דורכן אײַזדעק אין דרויסן אַרויס. די גאַנצע קונץ האָט געהייסן „קעצל“ און איז באַשטאַנען דערין, וואָס מען האָט געמאַכט מיט אַ מעסערל אַ לאָך אין אײַז און מען האָט צו דעם דאָזיקן אָרט צוגעלייגט אַן אָנגעצונדן שוועבעלע, דאָס „קעצעלע“ האָט דעמאָלט גענומען סיקען און זיך אָנגעצונדן מיט אַ דינינק געל פֿײַערל.

— איך וועל דיר עפּעס זאָגן, נאָר זאָלסט עס קיינעם נישט איבערחזרן, — האָט מישקאַ געזאָגט, — די וואָך וועלן מיר אַוועקגיין ווײַט אויפֿן פֿאַרפֿרוירענעם וואַסער און מיר וועלן דאָרטן עפֿענען אַ גרויסן בלאָז. עס וועט זיך זיכער ברענען אַ גאַנצן טאָג.

די ייִנגלעך זײַנען איצט געלאָפֿן איבערן אײַז, געטאָפּטשעט אין פֿאַרוועלקטן אַיִיר (טשערעט). זיי האָבן זיך לסוף אַרויס־באַקומען אויפֿן אַנטקעגנאיבערדיקן ברעג און זיך געלאָזט צום דאָרף.

דעם ווינטער איז געפֿאַלן אַ סך מער שניי, ווי ווען נישט איז פֿריִער. אין די ערטער, וווּ ס'זײַנען נישט געשטאַנען קיין פּלויטן, האָט דער ווינט פֿאַריאָגט דעם שניי, אָבער נאָענט פֿון די כאַטעס האָט דער שניי דערגרייכט אַזש צו די דעכער.

אין דאָרף איז געווען פּוסט און שטיל. ווו נישט ווו האָט זיך פֿון די קוימענס געהויבן אַ דין רויכל. נידעריק, איבערן ווײַסן שניי און איבער די פֿאַרשאָטענע דעכער האָט געשײַנט די פֿאַרנעפּלטע זון.

ניקיטאַ און מישקאַ זײַנען צוגעגאַנגען צו אַרטאַמאָן סורינס כאַטע. אַרטאַמאָן איז געווען אַ שרעקלעכער מענטש, פֿאַר וועלכן דאָס גאַנצע דאָרף האָט זיך געשראָקן. ער איז געווען בייז און שטאַרק. ניקיטאַ האָט דורכן פֿענצטער דערזען זײַן ברייטע באָרד.

ער איז געזעסן און גענעגעסן פֿון אַ הילצערנער שיסל. פֿון צווייטן פֿענצטער האָבן, צוקוועטשנדיק די נעזער צו די שויבן, אַרויסגעקוקט דרײַ ייִנגלעך. דאָס זײַנען געווען די דרײַ זין פֿון שרעקלעכן אַרטאַמאָן. אַלע האָבן זיי געהאַט העלע האָר, ווי לײַן. איינער האָט געהייסן סעמקאַ, דער צווייטער לענקאַ, און דער דריטער, דער ייִנגסטער, האָט געהייסן אַרטאַמאָשקאַ.

מישקאַ איז צוגעגאַנגען צום פֿענצטער און געגעבן אַ פּיף. אַרטאַמאָן האָט זיך אַרומגעקוקט און האָבנדיק אַ פֿול מויל עסן, האָט ער מישקאַן געדראָט מיטן לעפֿל. גלײַכצײַטיק האָבן זיך די דרײַ נעזער דערווײַטערט פֿון פֿענצטער און פֿאַרשווּנדן אין צימער. אין אַ רגע אַרום זײַנען זיי שוין געווען אויפֿן הויף און מיט רימענס זיך אַרומגעבונדן די פּעלצלעך.

— נו, ייִנגלעך — האָט מישקאַ געזאָגט — וואָס, באַבעס זײַט איר? איר זיצט אין שטוב און האָט מורא.

זאָגנדיק דאָס, האָט ער מיט אַ ווילערישער באַוועגונג פֿאַררוקט דאָס היטל אויפֿן אויער.

— מיר האָבן פֿאַר גאָרנישט נישט מורא, — האָט געענטפֿערט איינער פֿון די ייִנגלעך, סעמקאַ.

— דער פֿאָטער דערלויבט אונדז נישט צו רײַסן אָן אַ סיבה די ווילענע שיך, — האָט זיך אָנגערופֿן לענקאַ.

— נעכטן בין איך געגאַנגען צו די קאָנטשאַנער ייִנגלעך און כ׳האָב זיי געזידלט, אָבער זיי האָבן זיך נישט געוואָלט באַליידיקן, — האָט דערקלערט דער ייִנגסטער, אַרטאַמאָשקאַ.

הערנדיק דאָס, האָט מישקאַ מיט פֿאַנטאַזיע פֿאַררוקט דאָס היטל אויפֿן צווייטן אויער און געזאָגט מיט אַן אַנטשלאָסענער שטים:

— מיר וועלן איצט גיין זיך רײַצן מיט זיי! מיר וועלן זיי שוין ווײַזן!

— גוט! — האָבן זיי כמעט צוזאַמען אויסגעשריגן, און אַלע האָבן גענומען קלעטערן אויפֿן הויכן שנייבאַרג, וואָס איז געלעגן אין מיטן וועג. פּונקט אויף יענער זײַט באַרג האָט זיך

געפֿונען דער צווייטער עק דאָרף, — אַהין האָבן די יינגלעך זיך געלאָזט זוכן די שונאים.

מישקאַ, און נאָך אים אַלע אַנדערע יינגלעך, צווישן זיי אויך ניקיטאַ, האָבן געשריגן שטייענדיק אין דער הייך:

— העי, קאָנטשאַנער!

— מיר וועלן אײַך שוין ווײַזן!

— באַהאַלט זיך פֿאַר שרעק!

— קומט זיך שלאָגן מיט אונדז!

— קומט כאָטש אַרויס אייַנציקווײַז! העי קאָנטשאַנער! — האָט זיך מישקאַ געריסן דעם האַלדז, קלאַפּנדיק אין הענטשקע אין דער צווייטער.

נאָך די דאָזיקע פּראָוואָצירנדיקע אויסגעשרייען, האָבן זיך פֿון יענער זײַט שנייבאַרג באַוויזן פֿיר יינגלעך, די שונאים. זיי האָבן פֿאַרריכט די היטלעך, זיך געקלאַפּט מיט די הענט אין די זײַטן און אויך גענומען שרײַען:

— איר מיינט, מיר האָבן מורא!

— קוקט זיי נאָר אָן!

— ווי שרעקלעך!

— זשאַבעס! פֿרעש! קוואַ, קוואַ, קוואַ!

די שונאים האָבן זיך אַלץ מער דערנענטערט, האָבן געקלעטערט אויפֿן שנייבאַרג. אַליאָשקע, גיל, נאַנקע — „שוואַרצע אויערן" און פּיעטרעק, אַרטאַמאָנס שוועסטערן-זון. צום סאַמע סוף איז געקראָכן אַ קליין יינגל, מיט אַן אויסגעבויגענעם גרויסן בויך. דער קליינער איז אין גאַנצן געווען אַרומגעהילט אין דער מאַמעס פֿאַטשיילע.

ניקיטאַן און די אַרטאַמאַנאָווער יינגלעך זײַנען אויך געקומען צו הילף עטלעכע בחורים. זיי האָבן געשריגן אַלע באַנאַנד:

— העי, יינגלעך! קומט אַהער בענטער, וועלן מיר אײַך די זומער-שפּרענקעלעך פֿון די פּנימער אַראָפּקראַצן!

— קרומאָריגיקע! קורצזיכטיקע! פֿאַרקאָפּטשעטע! — האָבן יענע געשריגן.

— פחדנים! מיט מײַז קענט איר זיך שלאָגן! — האָט שוין אויף אַן אמת זיי באַליידיקט מישקאַ קאָראַשאָנעק.

— זשאַבעאײַערלעך! פּראָשעקן!

איצט האָבן זיך אויף ביידע זײַטן צונויפֿגעקליבן בײַ אַ פֿערציק יִנגלעך. קיינער האָט אָבער נישט געהאַט קיין מוט אָנצוהייבן, כאָטש זיי האָבן געמאַכט מינעס מיט די גניז און אַרויסגעבלעקט די צינגער. און ווען ס'האָבן זיך אויסגעשעפּט אַלע מיטלען, מיט וועלכע מען האָט געקענט צערייצן דעם קעגנער, האָט מען ווידער אָנגעהויבן פֿון אָנהייב:

— זשאַבעאײַערלעך! פּראָשעקן!

— קרומאָויגיקע! — דאָס לעצטע איז געווען אַמײַסטן באַליידיקנדיק. און דערפֿאַר האָט זיך טאַקע פֿון דער קאָנטשאַנער גרופּע אַרויסגערוקט איינער — אַ נידעריקער, אַ קרעמפּער מיט אַ קורצער נאָז. ער האָט פֿונאַנדערגעשטופּט זײַנע חבֿרים, צוגעשפּרונגען צו די קעגנער, געבליבן שטיין און אויסגערופֿן:

— האַזנהויט! קומט זיך שלאָגן מיט מיר!

דאָס איז טאַקע געווען דער באַרימטער סטעפּקע קאָרנאַוּשקין.

זײַנע חבֿרים האָבן דערווײַל געוואָרפֿן די היטלען אין דער הייך און מוראדיק געפֿײַפֿט.

דער שונא, סטעפּקע קאָרנאַוּשקין, האָט זיך דערווײַל געוואָרפֿן און געזידלט. ער האָט פֿאַרלייגט די הענט אויפֿן פּאַסעק און געזאָגט:

— נישט נאָר אַזעלכע האָב איך שוין באַוויזן גובֿר צו זײַן! אויב קיינער וועט צו מיר נישט אַרויסגיין, וועל איך אַליין גיין צו אײַך און מאַכן אָרדנונג! איר וועט זען: די היטלעך וועלן אָפּשפּרונגען אויף צוויי מעטער!

אָבער דער שונא איז געשטאַנען צונױפֿגעדרוקט אין אַ כאַאָטישער מאַסע און נישט פֿאַרלאָזט די פּאָזיציע. דאַן האָט סטעפּקאַ, אומטעוואַרטנדיק נאָך אַ רגע, זיך אויסגעדרייט צו זײַניקע און אויסגערופֿן:

— היידאַ נאָך מיר! האַקט אַרײַן;

די קאָנטשאַנער העלדן האָבן מיט געשרייען און פּיפּערײַען זיך געלאָזט שטורמען.

דער לײַנענער דרײַלינג האָט אַ צאַפּל געגעבן און זיך גענומען צוריקציִען. נאָך זיי האָבן זיך געלאָזט מישקאַ און וואַנקע — „שוואַרצע אויערן", און אַלע אַנדערע ייִנגלעך, צווישן זיי אויך ניקיטאַ. נאָר דער קלייִנער אין דער מאַמעס פּאַטשיילע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן שניי און זיך פֿאַרגאַנגען אין אַ יאָמערלעך געוויין.

דער שענדלעכער צוריקצי האָט געדויערט אַ לענגערע ווײַלע. זיי זײַנען געלאָפֿן פֿאַר זיך און האָבן שוין אויסגעמיטן אָרטאָמאָנס כאַטע, ווען ניקיטאַ האָט זיך אומגעקוקט. הינטער אים אויפֿן שניי זײַנען געלעגן אַליאָשקע, ניל און פֿינף אַנדערע. ס'איז שווער געווען צו זאָגן, ווער ס'איז אומגעפֿאַלן און ווער ס'האָט זיך אַליין אַוועקגעלייגט פֿאַר שרעק. ס'איז באַוווּסט, אַז אַ ליגנדיקן מענטש איז נישט שיין צו שלאָגן. ניקיטאַן האָט זיך אַזש געוואָלט וויינען, אַזוי שלעכט האָט ער זיך געפֿילט. אַזאַ חרפּה: זיי האָבן זיך דאָך געשראָקן און אַנטלאָפֿן פֿאַר דער שלאַכט!

ניקיטאַ האָט זיך פֿאַרהאַלטן. ער האָט פֿעסט צוזאַמענגעדריקט די פֿויסטן, ווײַל הינטער זיך האָט ער דערזען דעם לויפֿנדיקן סטעפּקע קאָרנאָושקין. האַרט הינטער זיך האָט ער דערזען די קורצע נאָז, די ברייטע אַקסלען און דאָס שעפּסענע היטל.

ניקיטאַ, נישט ווייסנדיק אַליין, וואָס ער טוט, האָט זיך אויסגעדרייט צום שונא און מיט אַלע כּוחות אים דערלאַנגט אַ זעץ. דאָס היטל איז אַראָפּגעפֿאַלן דעם אָנפֿאַלער פֿון קאָפּ, ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און אַנידערגעפֿאַלן אויפֿן שניי.

די קאָנטשאַנער ייִנגלעך, זעענדיק די מפּלה פֿון שטאַרקסטן, האָבן זיך פֿאַרהאַלטן און אָפּגעשטעלט דאָס ווײַטערדיקע געיעג. ניקיטאַ האָט זיך צוליב דעם זיג דערפֿילט דרײַסטער און איז מיט אַ קאַמפֿסמינע צוגעגאַנגען צו זיי. אָבער יענע האָבן שוין איצט נישט געהאַט קיין חשק צום קאַמף. ניקיטאַס חבֿרים זײַנען

איצט געגאַנגען נאָך אים און אַפילו זיך דרייסט אַרויסגערוקט אויפֿן ערשטן פּלאַן.

דער רעזולטאַט פֿון קאַמף איז געווען אַ קלאָרער. מיטן אויסרוף: „אונדזערע זיגן" האָבן ניקיטאַס חברים זיך געלאָזט פֿאָרויס און די קעגנער זײַנען אַנטלאָפֿן מיט אַלע כּוחות.

ניקיטאַ האָט זיך אומגעקערט אַהיים אַן אויפֿגערעגטער, אַ צעהיצטער און אומגעקוקט זיך אין אַלע זײַטן, מיט וועמען מען קען נאָך אָנהייבן אַ געשלעג. הינטער דעם שײַער איז געשטאַנען סטעפּקאַ קאָרנאַושקין און געקוקט מיט אומצוטרוי. ווען ניקיטאַ האָט זיך דערנענטערט, האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— האָסט מיר געגעבן אַ געזונטן זעץ; ווילסט זיך מיט מיר באַפֿרײַנדן!

— נאָסירלעך — האָט ניקיטאַ שנעל געענטפֿערט.

זיי האָבן צו זיך געשמייכלט און געקוקט אייגער אויפֿן צווייטן.

סטעפּקאַ האָט געזאָגט:

לאָמיר זיך טוישן, ווילסט?

— גוט.

ניקיטאַ האָט אַ טראַכט געטאָן, וואָס מען זאָל דאָ געבן, און ער האָט באַשלאָסן, אַז מען דאַרף שענקען דאָס בעסטע. ער האָט אַרויסגענומען פֿון קעשענע אַ מעסערל מיט פֿיר קלינגעלעך און עס דערלאַנגט דעם קעגנער, וועלכער האָט פֿון איצט אָן געוואָרן זײַנער אַ פֿרײַנד. יענער האָט אַ רגע אַדורכגעניששטערט די פֿאַלדן פֿון דער קורטקע און אַרויסגעצויגן פֿון דאָרט אַ בלײַען פֿײַפֿערל.

— נאַ, — האָט ער געזאָגט, נאָר פֿאַרליר נישט. דאָס קאָסט טײַער.

---

מ. ווינטשעווסקי

# אין רעגן, אין ווינט און אין קעלט

וואָס טוען צוויי עופּהלעך קליינע אין גאַס—
אין רעגן, אין ווינט און אין קעלט?
די הענטעלעך—אײַז און די פּיסעלעך—נאַס,
די ליפּעלעך—בלוי און די בעקעלעך—בלאַס:
וווּ איז זייער היים אין דער וועלט?
זייער היים! זייער היים בין איך, זאָגט די גאַס,
אין רעגן, אין ווינט און אין קעלט.

וווּ גייען צוויי קינדערלעך קליינינקע היינט,
אין רעגן, אין קעלט און אין ווינט?
וואָס? גאָר אָן אַ פֿאָטער, אַ מוטער, אַ פֿרײַנד?..
יתומימלעך? נעבעך! וואָס זע איך? מיר שײַנט,
אַז איינער פֿון זיי איז גאָר בלינד!
געוויס, זאָגט די גאַס, און איך בין זייער פֿײַנט
אין רעגן, אין קעלט און אין ווינט.

וואָס בלײַבן זיי שטיין מיט אַ מאָל דאָ אליין -
אין רעגן, אין ווינט אין קעלט?
צום האַנדלען—צו אָרעם, צום בעטלען—צו קליין,
צו שוואַך און צו ערלעך צום גנבֿענען גיין, —
וווּ קריגן זיי עסן אָן געלט?
איצט שווײַגט שוין די גאַס. אַך, איר האַרץ איז
פֿון שטיין,
דער ווינט שווײַגט, דער רעגן, די קעלט.

---


קינדער
פון דער וועלט
II העפט
פערלאג „צישאָ" ווילנע 1940

# קינדער פֿון דער וועלט

[illegible]

אין פּרעסע און בילד

העפֿט II



---


פֿאַרלאַג „ציש"אָ" ווילנע

1940

ה. לייוויק

# קינדער צוויי

קינדער צוויי שפּאַנען איבער אַ פעלד,
באָרוועסע שפּאַנען — שוועסטער און ברודער,
יוליקע זון צינדט מיט פייער די וועלט,
גיסט אָן מיט פייער אויך קינדישע גלידער.

ברודער — דער עלטערער — ביינערדיק, דין, —
שוועסטער — אַ ברעקל — מיט זילבערנע לאָקן;
עלטערער פירט פאַרן הענטל דאָס קינד,
קוקט אין פאַרויס מיט אויגן צעשראָקן.

ווייט פון דער היים פאַרבלאָנדזשעט, זעט אויס,
אָדער גאָר הימלאָז, פון שלעגער אַנטלאָפן; —
אויגן פון ברודער, וואָס קוקן פאַרויס,
זינקען אַרונטער אין טרערן פאַרלאָפן.

גאָרגישט מיט זיך, נישט וואַסער, נישט ברויט, —
טרוקענע זײַנען די שטעכיקע לאַנען;
באָרוועסע פיס, — צעשלאָגן אויף רויט, —
עדות פון לאַנגן, פילטאָגיקן שפּאַנען.

ברודער שוויַגט שטום, און דאָס שוועסטערל — אויך.
קלוג איז דאָס קינד מיט די זילבערנע לאָקן,
הייבט אויף די אויגן, פֿאַררײַסט צו דער הויך,
קוקט מיט אַ קוק פֿון אַ חכם אַ זקן.

װערט אױפֿגעציטערט און אױפֿשטײַג פֿון מוט
עלטערער ברודער, — נעמט אױפֿגעלייגט אײַלן,
דורכפֿליִען וויל ער מיט נס פֿון מינוט
ס׳ביייזע צעפֿלאַקערטע האַרץ פֿון די מײַלן.

שפּאַנט ער און קלאַמערט דער שוועסטערלס האַנט,
שוועסטערל האַסטיק לויפֿט מיט און טאַנצט אונטער;
יאָגט אויף די זון ביזן וויַט-וויַטסטן ראַנד,
יאָגט מיט זיי מיט, ביז זי נידערט אַרונטער.

אויף שוועסטערלס ליפּן שלאָגט אויף אַזאַ שוים,
שוועסטערלס פּיס מיט אַ מאָל נעמען זינקען,
מערבֿ-זײַט הימל — אַ בלוטיקער זוים —
ראַנדיקע װעלדער ביז גרונט נעמט פֿאַרטרינקען.

עלטערער שטימט, און דאָס שוועסטערל — אויך,
גלײַכע עקשנות און האַרץ בײַ זיי ביידן;
עלטערער, פּלוצלונג, דערשטיקט װי אין רויך,
וויל עפּעס אָנהייבן פֿליסטערן, ריידן.

איידער דער עלטערער עפֿנט זײַן מויל, —
שוועסטערלס אויגן מיט שלאָף זיך פֿאַרציִען,
שוועסטערל דרייט זיך צונויף ווי אַ קנויל, —
עלטערער פֿאַלט צו צו איר, און נעמט קניִען.

שוועסטערל שלאָפֿט, און דער ברודער זי היט
גלעט מיט די פֿינגער די זילבערנע לאָקן;
זעט: אויך לבֿנה נידערט און קניט,
הערט: אַלע שטערן קלינגען ווי גלאָקן.

עלטערער נעמט דאָס קינד אויף די הענט,
טוליעט עס צו צו זיך מיטן פּנים,
לאָזט זיך גיין ווײַטער, אין ווײַסן פֿאַרבלענדט,
אונטער דער ליכטיקער פֿולער לבֿנה.

שפּאַנט ווי אין כּישוף, אין אימפּעט געברענט,
איבער אים וויגן זיך שטאַרקער די גלאָקן;
טראָגט אין צוזאַמענגעטוליעטע הענט
בלוטיקע פּיסלעך און זילבערנע לאָקן.

---

דזשעק לאָנדאָן

# אַן אַרבעטער־קינד

## I

אַ לאַנגער צעצויגענער פֿײַף, וואָס האָט זיך פֿון ווײַטן געלאָזט הערן, האָט דזשאָנין געצוווּנגען אויפֿצושטיין. די מאַמע האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן בלעכענעם וועקזייגער, וואָס איז אויף דער פּאָליצע געשטאַנען. די ווײַזערס האָבן געוויזן האַלב זעקס. דער גאַנצער פֿאַבריק־עולם איז שוין געווען אויף די פֿיס. זי האָט אויף דער פּלייצע אַ שאַל פֿאַרוואָרפֿן און געזאָגט:

— מען מוז שפּאַנען! — און פֿאַרדרייט דעם לאָמפּ.

די זײַנען סאָפּנדיק פֿון די טרעפּ אַראָפּ און פֿון שטוב אַרויס. אין דרויסן איז געווען לויסטער און קאַלט, און דזשאָני האָט אַ ציטער געטאָן בײַ דער ערשטער באַרירונג מיט דער פֿרישער לופֿט. די שטערן האָבן נאָך לעשן זיך נישט אָנגעהויבן, און די גאַנצע שטאָט איז נאָך געשלאָפֿן. דזשאָני און די מאַמע האָבן קוים די פֿיס געשלעפּט.

אָפּגעגאַנגען פֿופֿצן מינוט שווײַגנדיק, האָט זיך די מאַמע אויף רעכטס געווענדט:

— פֿאַרשפּעטיק נישט, — האָט זי אים צום לעצטן מאָל פֿאַרזאָגט פֿון דער פֿינצטערניש אַרויס, וואָס האָט זי ווי אײַנגעשלונגען.

ער האָט גאָרנישט געענטפֿערט און רויִק זיך ווײַטער געגאַנגען. אין פֿאַבריק־ראַיאָן זײַנען די טויערן צומעסטום אָפֿן געווען, און באַלד האָט דזשאָני זיך אויסגעמישט מיטן עולם, וואָס האָט זיך אין דער פֿינצטער געאײַלט פֿאָרויס. אַז ער איז צו דער טיר פֿון פֿאַבריק צוגעקומען, האָט זיך דערהערט אַ פֿײַף. ער האָט אַ קוק געטאָן צו מיזרח־זײַט. איבער די דעכער פֿון די בנינים, וואָס האָבן זיך אין הימל אַרײַן געצויגן, האָט אָנגעהויבן צו שימערן אַ בלאַסלעכער שײַן. טאַקע נאָר אין דער מינוט האָט ער דעם טאָג אין די אויגן געזען, און באַלד זיך אָפּגעטאָן פֿון אים, זיך אויסמישנדיק מיט דער אַרבעטער־מאַסע.

ער האָט פֿאַרנומען זײַן אָרט אין איינער פֿון די לאַנגע רייען בײַ די מאַשינען. פֿאַר אים, איבער אַ קאַסטן מיט קליינע שפּולקעס אָנגעפֿילט, האָבן זיך שנעל געדרייט גרויסע שפּולעס. אויף זיי האָט ער אַרויפֿגעוויקלט דזשוט־פֿעדעם פֿון די קליינע שפּולקעס. די אַרבעט איז געווען איינפֿאַך. דאָס איינציקע, וואָס מ׳האָט געפֿאָדערט פֿון אים, איז געווען — פֿלינקײט. די קליינע שפּולקעס האָבן זיך אַזוי שנעל צונויפֿגעוויקלט און ס׳איז געווען אַזוי פֿיל גרויסע שפּולעס, וואָס האָבן זיך אַרויפֿגעוויקלט, אַז ער האָט קיין איין פֿרײַע מינוט נישט געהאַט.

ער האָט געאַרבעט מעכאַניש. ווען אַ קליינע שפּולקע האָט זיך צונויפֿגעוויקלט, האָט ער מיט דער לינקער האַנט אָפּגעשטעלט די גרויסע שפּולע און גלײַכצײַטיק מיט צוויי פֿינגער אונטערגעכאַפּט דעם אַנטלויפֿנדיקן עק פֿאָדעם. אין דער זעלבער צײַט האָט ער מיט דער רעכטער האַנט געכאַפּט דעם פֿרײַען עק פֿאָדעם פֿון דער קליינער שפּולקע. די דאָזיקע פֿאַרוויקלטע אַרבעטן זײַנען דורך ביידע הענט שנעל אויסגעפֿירט געוואָרן איינע נאָך דער אַנדערער. ווי בליצן האָבן זײַנע פֿינגער געגלאַנצט, בשעת ער האָט די פֿעדעם אין אַ קניפּל צונויפֿגעבונדן און אַ לאָז געטאָן די שפּולקע. ס׳איז נישט געווען קיין שווערע זאַך די דאָזיקע קניפּלעך צו מאַכן. ער האָט זיך איין מאָל באַרימט, אַז ער וואָלט זיי אין שלאָף געקאָנט פֿאַרקניפּן. און

דעריבער האָט זיך אים טייל מאָל געדוכט, אַז זיין לעבן איז געגליכן צו אַן אומענדלעך לאַנגן שלאָף, און אין שלאָף פאַר־קניפּט ער די עקן פון די פעדעם.

איניקע יינגלעך האָבן געפאַלשעוועט, און די מאַשין האָט ביי זיי אַ לאַנגע צייט נישט געאַרבעט, ווייל זיי האָבן נישט אומגעביטן די אָנגעוויקלטע קליינע שפּולקעס אויף נייע.

אָכטונג צו געבן אויף אַזעלכע איז געווען אַן אויפזעער. ער האָט איין מאָל דזשאָניס אַ שכן געכאַפּט און אים די אויערן אָנגעדרייט.

— דו, טו אַ קוק אויף דזשאָנין. פאַר וואָס אַרבעטסטו נישט אַזוי, ווי ער? — האָט דער צעבייזערטער אויפזעער געפרעגט...

ביי דזשאָנין האָבן זיך די שפּולקעס געדרייט, ווי אַ וויכער. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער אַרבעטער. ער האָט דאָס געוווּסט. מ׳האָט אים אַזוי אָפט וועגן דעם געזאָגט, אַז ס׳איז ביי אים געוואָרן פון די געוויינטלעכע זאַכן, און אויסער דעם האָט זיך אים געדוכט, אַז דאָס קאָן אים קיין באַזונדערע נוצן נישט ברענגען. דער אויסגעצייכנטער אַרבעטער איז מגולגל געוואָרן אין אַן אויסגעצייכנטער מאַשין. בשעת די אַרבעט פלעגט ביי אים נישט גוט גיין, פלעגט ער טרעפן צוליב דער זעלבער סיבה, ווי ביי אַ מאַשין, צוליבן שלעכטן מאַטעריאַל. עס איז אים אַזוי נישט מעגלעך געווען צו באַגיין אַ פעלער, ווי ס׳איז נישט מעגלעך, אַז אַ טשוועקעס־מאַשין, בשעת זי איז אין אָרדענונג, זאָל אַרויסלאָזן אַ נישט גוט אויסגעאַרבעטן טשוואָק.

צוריק מיט צוועלף יאָר האָט אין דער זעלבער פאַבריק אין דער וועב־אָפּטיילונג פּאַסירט אַ זאַך, וואָס האָט געבראַכט אַ געוויסע צערודערונג. דזשאָניס מאַמען איז נישט גוט געוואָרן. מען האָט זי אויף דער ערד אַוועקגעלייגט צווישן די ווישנדיקע מאַשינען. צוויי עלטערע פרויען האָבן געמוזט אין מיטן דער אַרבעט צוגיין צו איר. דערביי איז אויך געווען דער אויפזעער. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך אין וועב־אָפּטיילונג געפונען

מיט אַ באַשעפּעניש מערער, ווי אין דער פרי. דאָס איז געווען דזשאָני, וואָס איז געבוירן געוואָרן אונטערן רוישן און קלאַפּן פון די וועבמאַשינען. אין דער ערשטער רגע, ווי ער איז נאָר אויף דער וועלט געקומען, האָט ער שוין אײַנגעאָטעמט אין זיך די וואַרעמע פײַכטע לופט מיט די שטיקלעך אָפּפאַל, וואָס האָבן זיך געטראָגן אין וועבשטוב. ער האָט גלײַך אָנגעהויבן הוסטן, כדי ריין צו מאַכן די לונגען פון דעם דאָזיקן שטויב, און דעריבער טאָקע הוסט ער עס פון דעמאָלט אָן.

## II

דאָס ייִנגל, וואָס האָט לעבן דזשאָנין געאַרבעט, האָט געכליפּעט. זײַן פּנים האָט אויסגעדריקט אַ שינאה צום אויפזעער, וואָס האָט פון אים זײַן בייזן בליק נישט אַראָפּגענומען; נאָר דערפאַר האָבן זיך די שפּולקעס צונויפגעקוויקלט אין אָרדענונג. דאָס ייִנגל האָט מיט שרעקלעכע קללות געשאָלטן די שפּולקעס, וואָס האָבן זיך פאַר אים געדרייט, נאָר זײַן קול איז ביז צום אויפזעער נישט דערגאַנגען, ווײַל ער איז געשטאַנען אַ פוס זעקס ווײַטער פון אים; זײַן שטים איז פאַרשטיקט געוואָרן אין גערויש פון דער מאַשין, וואָס האָט אים, ווי מיט אַ וואַנט פאַרשטעלט.

עלף דעם זייגער האָט זיך אין דער וועבשטוב פּלוצלונג אַ רודער געטאָן. די סיבה פון דעם האָט זיך נישט געוואָרפן אין די אויגן, און דאָך האָט זי תיכף אַרײַנגעדרונגען אומעטום. דאָס אײנפיסיקע ייִנגל, וואָס האָט געאַרבעט פון דזשאָניס צווייטער זײַט, איז נעלם געוואָרן, ווי ער וואָלט אײַנגעזונקען אין דעם וועבעלע פאַר די שפּולקעס, וואָס איז ליידיק געשטאַנען, פאַרשווונדען אַהין צוזאַמען מיט דער קוליע. עס איז אַרײַנגעקומען דער פאַרוואַלטער פון פאַבריק און מיט אים איינער אַ יונגערמאַן. דאָס איז געווען דער אינספּעקטאָר.

ער האָט שאַרף געקוקט אויף די ייִנגלעך, ווען ער איז פאַרבײַגעגאַנגען לעבן זיי. טייל מאָל איז ער שטיין געבליבן און פאַרגעבן פראַגן. צעפרעגנדיק זיך, האָט ער געמוזט שרײַען

אויף אַ קול, דערבײַ האָט זיך זײַן פּנים לעכערלעך אָנגעצויגן, בשעת ער האָט זיך אָנגעשטרענגט, אַז מ'זאָל אים דערהערן. זײַן פֿלינק אויג האָט באַמערקט דאָס ליידיקע אָרט לעבן דזשאָנין, נאָר ער האָט באַרנישט ניט געזאָגט. דזשאָני האָט אויך צו זיך געצויגן זײַן אויפֿמערקזאַמקייט, און יענער האָט זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט. ער האָט דזשאָנין פֿאַר אַ האַנט אָנגעכאַפּט און אים אויף אַ שפּאַן פֿון דער מאַשין אָפּגעשלעפּט, און נאָר פֿאַר־וואונדערט גלײַך זײַן האַנט אָפּגעלאָזט.

— רעכט מאָגער טאַקע, — האָט דער פֿאַרוואַלטער געזאָגט מיט אַ שמייכל.

— ווי אַ שטעקעלע איז דער ענטפֿער געווען. — טוט נאָר אַ קוק אויף זײַנע פֿיס. דאָס יִנגל האָט ראַכיט, ס'הייבט זיך בײַ אים ערשט אָן, נאָר ער האָט עס שוין. סוף־כּל־סוף וועט בײַ אים שווינדזוכט ווערן.

דזשאָני האָט בעהערט, נאָר ניט פֿאַרשטאַנען. דאָס, וואָס ס'קאָן זיך אַ מאָל טרעפֿן, האָט אים ווייניק וואָס פֿאַרנומען. בעאַרט האָט אים די סכּנה, וואָס שטייט אים איצט פֿאַר מצד דעם אינספּעקטאָר.

— הער אויס, יִנגל, נאָר איך וואָלט וועלן, זאָלסט מיר דעם אמת זאָגן, — האָט דער אינספּעקטאָר צוריסבערעדט צי אויסגעשרינן, זיך צוטוליענדיק צום יִנגלס אויער, כּדי ער זאָל אים דערהערן, — ווי אַלט ביסטו?

— פֿערצן, — האָט דזשאָני אַ ליגן געזאָגט, מיטן גאַנצן כּוח פֿון די לונגען. ער האָט אַזוי הויך דעם ליגן געזאָגט, אַז עס האָט זיך אים אַרויסגעריסן אַ טרוקענער אָפּגעהאַקטער הוסט און אויפֿגעהויבן דעם גאַנצן שטויב, וואָס האָט זיך יעדן פֿרי־מאָרגן אין זײַנע לונגען אָפּגעלייגט.

— און אויסזען זעט ער אויס ווייניקסטנס פֿון אַ יאָר זעכצן, — האָט דער פֿאַרוואַלטער באַמערקט.

— אָדער זעכציק, — האָט דער אינספּעקטאָר אונטער־געכאַפּט.

ער האָט שטענדיק אַזוי אויסגעזען.

— פֿון װען אָן? — האָט דער אינספּעקטאָר האַסטיק אַ פֿרעג געטאָן.

שוין פֿיר יאָר, און ער האָט קיין מאָל נישט אויסגעזען עטװאָס עלטער.

— אָדער יינגער, — קאָן מען זאָגן — ער האָט מיסתּמא אַלע יאָרן דאָ געאַרבעט?

— אי געאַרבעט, אי אָװעק פֿון דער אַרבעט, נאָר דאָס איז געװען, נאָך איידער דאָס נײַע געזעץ איז אָנגענומען געװאָרן, — האָט דער פֿאַרװאַלטער געאײַלט צוצוגעבן.

— די מאַשין אַרבעט נישט? — האָט דער אינספּעקטאָר געפֿרעגט און אָנגעװיזן אויף דער פֿרײַער מאַשין לעבן דזשאָניען, װוּ די בלאָנדע שפּולקעס האָבן זיך געדרייט אין דער װעלט אַרײַן.

— װאָס איז דאָס? — דער פֿאַרהאַלטער האָט צוגערופֿן דעם אויפֿזעער, אים אַ געשריי געטאָן אויפֿן אויער און אָנגעװיזן אויף דער מאַשין, — די מאַשין אַרבעט נישט, — האָט ער באַהאַלטן דעם אינספּעקטאָר.

זיי זײַנען דורכגעגאַנגען װײַטער, און דזשאָני האָט זיך צוריקגעקערט צו זײַן אַרבעט צופֿרידן, װאָס די געפֿאַר איז פֿאַרבײַ. נאָר דאָס יינגל מיטן אייניציקן פֿוס איז נישט געװען אַזוי גליקלעך. דעם אינספּעקטאָרס שאַרפֿע אויג האָט אים פֿאַרט דערזען. די ליפּן האָבן בײַם יינגל געציטערט, און אַ פּנים האָט ער געהאַט פֿון אַ מענטשן, װעלכן ס'האָט געטראָפֿן אַ גרויסע צרה, צו װעלכער מ'קאָן שוין גאָרנישט העלפֿן. דער אויפֿזעער איז געבליבן פֿאַרװוּנדערט, װי ער װאָלט, אַ שטיינער, דאָס יינגל צום ערשטן מאָל דערזען, בשעת דעם פֿאַרװאַלטערס פּנים האָט אויסגעזען אומצופֿרידן און פֿאַרדראָסיק.

— איך קען אים, — האָט דער אינספּעקטאָר געזאָגט, — ער איז אַלט צװעלף יאָר. אין פֿאַרלויף פֿון איין יאָר האָב איך אים שוין פֿון דרײַ פֿאַבריקן אָפּגעזאָגט; דאָס איז שוין די פֿערטע.

ער האָט זיך געווענדט צום איינפּיסיקן ייִנגל:

— האָסט דאָך אַן ערנוואָרט געגעבן, אַז דו וועסט אין שול ניין.

— האָט רחמנות, הער אינספּעקטאָר, — מיר זײַנען שרעקלעך אָרעם.

— און פֿאַרוואָס הוסטו אַזוי? — האָט דער אינספּעקטאָר געפֿרעגט, ווי ער זאָל אים אין אַ פֿאַרברעכן באַשולדיקן.

און דאָס איינפּיסיקע ייִנגל, ווי ער וואָלט זײַן אומשולד װעלן דערווײַזן, האָט געענטפֿערט:

— ס'איז גאָרנישט. איך האָב מיך יענע וואָך צוגעקילט, הער אינספּעקטאָר, װײַטער גאָרנישט.

סוף־כּל־סוף איז דאָס איינפּיסיקע ייִנגל אַרויס פֿון װעבשטוב צוזאַמען מיטן אינספּעקטאָר און מיט אים דער פֿאַרוואַלטער, וואָס איז באַאומרויִקט געווען און האָט פּראָטעסטירט.

III

דאַן האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די איינגעשטעלטע אַרבעט. דער לאַנגער פֿרימאָרגן איז פֿאַרבײַ, און דער נאָך לענגערער נאָכמיטאָג איז אַוועק, און דאָס פֿײַפֿל האָט אויסגעפֿײַפֿט, אַז די אַרבעט איז געענדיקט. געווען איז שוין פֿאַר נאַכט, ווען דזשאָני איז געגאַנגען פֿון דער אַרבעט. די זון האָט זיך געזעצט, באַגילדט דעם הימל, געטיקט דער וועלט אירע לעצטע וואַרעמע שטראַלן און לסוף פֿאַרשוווּנדן אויף מערבֿ־זײַט הינטער דער ראָזעט ליניע אויפֿן בלויען הימל, וווּ ס'האָבן זיך אַרײַנגעשניטן די דעכער פֿון די הײַזער.

אויף מאָרגן אין דער פֿרי ווידער — דער קנאַפּער פֿרישטיק, דאָס שלעפּן זיך אין דער פֿינצטער, דער בלאַסער שטראַל פֿון הינטער די דעכער, ווען ער האָט זיך צו זײַ מיטן רוקן אויסגעדרייט און דורך דער קאָנטראָלטיר אין דער פֿאַבריק אַרײַן. אַזוי זײַנען געגאַנגען די טעג איינס נאָך איינס.

דאָך אָבער פֿלעגט אויך זיך עפּעס ענדערן אין זײַן לעבן— דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען ער האָט איין אַרבעט אויף אַן

אַנדערער פֿאַרביסן. צו זיבן יאָר האָט ער אָנגעהויבן אויף דער פֿאַבריק גיין — שפּולקעס צו וויקלען. אַז ער איז אַלט געוואָרן אַכט יאָר, איז ער אַריבער אַרבעטן אין אַ נײַער פֿאַבריק. זײַן נײַע אַרבעט איז געווען גאָר אַ גרינגע. דאָס אײנציקע, וואָס מען האָט פֿאַרלאַנגט פֿון אים, איז געווען צו זיצן מיט אַ קליין שטעקעלע אין האַנט און אַכטונג געבן אויפֿן לײַוונט, וואָס איז פֿאַר אים געלאָפֿן. דער דאָזיקער לײַוונט פֿלעגט אַרויסגיין פֿון אַ מאַשין, אַדורכגיין אַ הייסן וואַלץ און זיך לאָזן ווײַטער אין אַן אַנדער אָרט. נאָר דאָס יִנגל איז שטענדיק אויף איין אָרט געזעסן אין יענער אָפּטיילונג, ווו ער האָט נישט אָנגעקוקט די שײַן פֿון טאָג, און ס'איז געווען נאָר גאַז-באַלײַכטונג — ער איז געווען ווי אַ טייל פֿון דער מאַשין.

נישט געקוקט אויף דער פֿײַכטער וואַרעמקייט, פֿלעגט ער זיך דאָ פֿילן ווײַטער גוט, ווײַל ער איז נאָך יונג געווען און פֿאַרטאָן אין עולם-הדמיון און כּלערליי זאַכן האָבן זיך אים פֿאָרגעשטעלט, בשעת ער האָט אַכטונג געגעבן אויף דעם אומ-ענדלעכן פּאַס לײַוונט, וואָס האָט זיך פֿאַר אים געצויגן. נאָר בײַ דער דאָזיקער אַרבעט איז אים כּלל נישט אויסגעקומען צו מיִען זיך, און ער האָט אַלץ ווייניקער געטרוימט, אַזוי לאַנג, ביז דער מוח האָט אין גאַנצן אויפֿגעהערט צו אַרבעטן און ער איז אײַנגעשלאָפֿן. ער פֿלעגט פֿאַרדינען צוויי דאָלער אַ וואָך, און דאָס איז פּונקט גענוג געווען אויף נישט צו שטאַרבן פֿון הונגער.

נאָר אַז ס'איז אים געוואָרן נײַן יאָר, האָט ער פֿאַרלוירן די אַרבעט. ס'האָבן זיך אונטערגעכאַפּט מאָזלען. אַז ער איז גע-זונט געוואָרן, האָט ער באַקומען אַרבעט אין אַ הוטע. דער לוין איז געווען גרעסער און בײַ דער אַרבעט איז נייטיק געווען גע-שיקטקייט. די אַרבעט איז געווען פֿון שטיק, און וואָס פֿלינקער ער האָט געאַרבעט, אַלץ מער האָט ער פֿאַרדינט. דאָס האָט געשטויסן צו אַרבעטן און מחמת דעם איז פֿון אים אַרויס אַן אויסגעצייכנטער אַרבעטער.

אַן אַרבעט איז עס געווען ווײַטער אַן אײַנפֿאַכע. מען האָט געדאַרפֿט צובינדן גלעזערנע פּראָפּנס צו גלעזערנע פֿלאַקאָנען.

בײַם גאַרטל האָט ער געהאַט אַ פּאַק בענדלעך. ער האָט די פּלאַקאַטן געלײגט אויף דער ערד לעבן די פֿיס אַזוי, אַז ער זאָל מיט בײדע הענט קענען אַרבעטן. און זיצנדיק אײַנגעהאָרבעט איבער די פּלאַקאַטן, איבערגעבויגן איבער דער קני אַזוי, אַז זײַן שטאָלצע פּלײצע איז אײַנגעהויקערט געוואָרן, האָט ער צען שעה געאַרבעט און דעם רוקן נישט אויסגעגלײַכט. דאָס איז שעד-לעך געווען פֿאַר די לונגען, נאָר דערפֿאַר פֿלעגט ער באַווײַזן צוצוגרײטן דרײַ הונדערט סאָרן פּלאַקאַטן אַ טאָג.

דער פֿאַרוואַלטער פֿלעגט שטאָלצירן מיט אים און פֿירן זײַנע באַזוכער אים אָנצוקוקן. אין פֿאַרלויף פֿון צען שעה זײַנען דרײַ הונדערט סאָרן פּלאַקאַטן איבערגעגאַנגען אין זײַנע הענט. ער האָט געאַרבעט מיט דער גיכקייט און פּינקטלעכקייט פֿון אַ מאַשין. ער האָט געאַרבעט מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג און סוף-כל-סוף איז ער נערוועז געוואָרן, און האָט אין דער הוטע דאָס אָרט פֿאַרלוירן.

אַז ער איז צו זיך געקומען, האָט ער זיך צוריקגעקערט אין דער דזשוט-פֿאַבריק, וווּ ער פֿלעגט אַ מאָל שפּולקעס וויקלען. דאָס מאָל האָט ער געוואָלט באַקומען אַ העכערע שטעלע. ער איז געווען אַ ווילער אַרבעטער. צו ערשט האָט מען אים אָפּגע-געבן אין דער קראָכמאַל-אָפּטײלונג, שפּעטער — אין וועבערײַ-אַרײַן. פֿון דעמאָלט אָן האָט זיך שוין גאָרנישט געענדערט, און יעדן טאָג האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע.

---

ז. וואַנפּער

# ל י י ז ע ר

לייזער האָט אַ מאָדנע טבֿע.
ענטפֿערט ער נישט צו דער זאַך.
האָבן אינעם קלאַס די קינדער
אָפּט צוליב אים שפּאַס אַ סך.

איין מאָל פֿרעגט אין קלאַס זײַן לערער:
ווער אַבֿרהם־אָבֿינו איז געווען.
כאַפּט זיך לייזער אויף פֿון בענקל:
כ'האָב אַן עראָפּלאַן געזען!

לאַכן הילכיק אַלע קינדער,
און דער לערער לאַכט אויך מיט.
גוט איז נאָך, וואָס איז דער לערער
גאָר קיין בייזער ניט.

— לייזער, לייזער, — פֿרעגט ער מילד אים —
ווו געפֿינסטו זיך אַצינד?
שמייכלט לייזער און ער ענטפֿערט: —
ס'פֿליט אַן עראָפּלאַן געשווינד!

לאַכן העכער נאָך די קינדער
און דער לערער לאַכט נאָך מער: —
— לייזער, לייזער, קומסטו איצטער
אויף אַן עראָפּלאַן אַהער?

אָט אַזאַ מין יונג איז לייזער,
זיצט ער — דוכט זיך, אַז ער שלאָפֿט.
וואָלט געהערן אַן אַנדער לערער,
וואָלט ער אים דערפֿאַר באַשטראָפֿט.

פֿרעגט אים עפּעס, ענטפֿערט ער דיר: —
אויפֿן בוידעם אַ יאַריד!
נאָך אַ גליק, וואָס ס'איז זײַן לערער
גאָר קיין בייזער ניט.

---

ז. ווײַנפּער

## מאַמע

ווי וואָלט זיך וועלן זײַן הײַנט בײַ דער מאַמען,
אַ שווײַגנדיקער, אָט אַזוי צוזאַמען
זיצן בײַ דעם טיש מיט איר.
איך וואָלט מײַן קאָפּ אַראָפּגעבויגן,
געפֿילט דעם ווייכן בליק פֿון אירע אויגן,
איר ווייכן בליק אויף מיר.

עס וועט אַ מאַמע דאָך ניט פֿרעגן
אויף וועלכע שלעכטע וועגן
עס איז איר קינד געווען.
זי וואָלט איר קאָפּ בלויז צוגעבויגן
און מוטערלעך געקוקט מיר אין די אויגן
און אַלץ וואָלט זי געזען.

דערנאָך וואָלט איך איר האַנט געטאָן אַ ריר
און שטיל געזאָגט צו איר,
אוי מאַמע!
האָסט צוגעדעקט מיך מיט דײַן וואַרעם קלייד,
אַ ריר געטאָן מײַן קישן מיט דער האַנט
און אויף די שפּיצפֿינגער שטילערהייט
ביסטו אַוועק אין ווינקל צו דער וואַנט.

אַ לעמפּל האָט אין ווינקל מאַט געבּרענט
און פֿעדערן געפֿליקט האָסטו געשווינד
מיט דײַנע ציטערדיקע הענט,
מיט דײַנע בלייכע הענט —
פֿאַר מיר דײַן קינד.

---

האלינא גורסקא

# די געשיכטע
# פון די מעשענע קליאמקעס

(פון בוך „ביים שווארצן וואסער")

מיר האָבן אַלע ליב באַקומען אונדזער קלוב און מיר האָבן אַלע געשטרעבט דערצו, ער זאָל זײַן וואָס שענער.

און דערפאַר האָבן מיר געהאַט אין אָנהייב אַ גרויס עגמת־נפש — די קליאַמקעס.

פרוי ביענקאָווסקאַ, די הויזוועכטערין האָט זיך וועגן זיי לאַנג און ברייט צערעדט.

— יאָ, אַ מאָל זײַנען אויף די אַלע טירן געווען שיינע, מעשענע קליאַמקעס. און וואָס פאַר אַ קליאַמקעס! ווען מען האָט זיי אויסגעפוצט, האָבן זיי געגלאַנצט ווי גאָלד! ווען די דײַטשן וואָלטן זיי ניט געווען רעקווירירט, וואָלטן זיי דאָ געשטעקט ביז הײַנט. מען קאָן נאָך אויף די טירן באַמערקן די שפורן פון זיי.

נו, יאָ... שפורן זײַנען טאַקע געווען. אָבער צי קאָן דאָס זײַן פאַר אונדז עפּעס אַ טרייסט? פאַרקערט — עס ווערט נאָך מער קאַלעמוטנע דערפון.

— זאָל זײַן אָן קליאַמקעס, אַבי די טירן זאָלן נאָר זײַן ריין, — האָט געזאָגט פרוי אָסקערסקאַ.

ווי זײַנען געווען ריין. צי קענען אָבער צעראַצטע טירן און קליאַמקעס זײַן שיין?

צום שטאַרקסטן האָט דאָס איבערגעלעבט פּאַוועלעק.

יאָ! דער זעלבער פּאַוועלעק, וועלכער האָט „אַפילו נישט געטראַכט צו קומען אין קלוב אַרײַן" און האָט אויף אונדזער ערשטער פֿאַרזאַמלונג מיט חוזק אים אָנגערופֿן „א קינדער־גאָרטן פֿאַר גרויסע, אָנשטענדיקע קינדער", דער זעלבער פּאַוועלעק, וועגן וועלכן דער הער סעקרעטאַר האָט געזאָגט: „ער האָט אַ מויל פֿון אַ גאַסניונג".

פּאַוועלעק האָט שטאַרקער פֿון אונדז אַלע ליב באַקומען דעם קלוב, און דערפֿאַר — איז אים דער ענין קליאַמקעס אַמערסטן אָנגעגאַנגען.

פֿאַרוואָס? אָך... ווי קאָן מען אײַך דאָס געבן צו דער־קלערן?! איך האָב באמת מורא, אַז אַ סך פֿון אײַך וועלן דאָס נישט פֿאַרשטיין! כּדי דאָס צו פֿאַרשטיין, דאַרף מען כאָטש אײן מאָל האָבן געלעכערטע שיך! יאָ, יאָ, אַזוי ווי איר הערט. פּאַוועלעק האָט זיי טאַקע געהאַט.

אַזוי דאַכט זיך, איז דאָס אַ קלייניקייט און ס׳לוינט זיך אַפילו נישט וועגן דעם צו ריידן, אָבער דאָך...

אָבער דאָך, ווען פּאַוועל פֿלעגט זיך אויפֿכאַפּן אין גראָען באַגינען און זיך צוהערן, ווי דער קאַלטער, האַרבסטיקער רעגן קלאַפּט אין די שויבן, איז זײַן ערשטער געדאַנק טאַקע געווען וועגן דעם, וועגן די געלעכערטע שיך.

ער האָט געטראַכט: מען וועט באַלד מוזן אויפֿשטיין און זיך שטעלן אין „אָגאָנעק" נאָך ברויט (אין יענע צײַטן האָט מען נאָך געוואַרט אויף ברויט אין „אָגאָנקעס").

און ס׳האָט זיך אים געדוכט, אַז ער פֿילט שוין איצט די קלעפּיקע און פֿײַכטע בלאָטע, וואָס גליטשט זיך אַרײַן אין די שיך, נישט געקוקט אויף די צײַטונגען, מיט וועלכע ער האָט אַרומגעוויקלט די פֿיס. ער האָט געפֿילט דעם פֿײַכטן קאַלטן ציטער, וואָס נעמט אים אַדורך דעם גאַנצן קערפּער.

דער מומעס פּנים, שמוציק און ענג צימערל האָט אים דאָן אויסגעזען ווייער ליב און טייער, און דאָס ווינקל בײַם אויוון, ווו ער איז געשלאָפן צוגעדעקט מיטן פֿעטערס אַלטן מאַנטל, באַקוועם און אָנגענעם.

און פּאַוועל האָט צוגעמאַכט די אויגן, ווילנדיק כאָטש אויף איין מינוט דערוואַרעמען פֿון זיך די קעלט און פֿײַכטקייט פֿון דער גאַס.

אָבער די רעגן־טראָפּנס, וואָס האָבן געקלאַפּט אין פֿענצטער, האָבן ווי גערעדט: קום... קום... דאָרטן איז דײַן אָרט!

און פּאַוועל האָט געוווּסט, אַז אויב ער וועט זיך באַלד נישט אויפֿהייבן און די מומע וועט אויפֿשטיין די ערשטע... בײַ דעם איינעם געדאַנק, אַז דאָס קאָן געשען, איז ער שנעל אויפֿגעשפּרונגען, גענומען די פּאָר מטבעות, וואָס זײַנען געלעגן אָנגעגרייט פֿאַר אים, און אַראָפּגעלאָפֿן פֿון די שטיגן.

„אפֿשר וועל איך דאָס מאָל לאַנג נישט וואַרטן, עס מוז דאָך נאָך זײַן פֿרי", האָט ער זיך אײַנגערעדט, און כאָטש ער איז געלאָפֿן פֿאָרזיכטיק, שפּרינגענדיק איבער די קאַלוזשעס, האָט זיך דאָך די פֿרימאָרגן־נאַסקייט אַרײַנגעקריגן אין די ביינער, און די שיך זײַנען פֿול געוואָרן מיט אַ העסלעכער, נאַסער פֿליסיקייט.

אָבער די ריי האָט זיך ווי שטענדיק געצויגן לענג־אויס אַ האַלבער גאַס.

מענטשן זײַנען געשטאַנען שטילשווײַגנדיק, אַדורכגענעצט, בלאַס אָדער בלאָ פֿון קעלט. פּאַוועלעך האָט אָבער נישט געפֿילט פֿאַר ווי קיין מיטגעפֿיל.

— ווען שטייען זיי אויף, די כאָלערעס! — האָט ער בייז געטראַכט.

טייל מאָל פֿלעגט זיך אָבער טרעפֿן, אַז הינטער פּאַוולען האָט זיך געשטעלט עפּעס אַן אויסגעצערטע פֿרוי מיט אַ קינד אויף דער האַנט אָדער אַ ציטערנדיקער אַלטיטשקער, האָט ער געזאָגט:

— גיט נאָר אַ־בערע צענערס, וועל איך אַ־ך שוין אַהיים טראָגן דאָס ברויט!

זײַן פֿאָרשלאָג איז זעלטן אָנגענומען געוואָרן. שמאַטעס און שיך, פֿון וועלכע עס קריכן אַרויס אַלע פֿינגער, וועקן נישט קיין צוטרוי. אָבער פּאַוועל האָט געהאַט אַזוי ווייניק אַמביציע, אַז ער פֿלעגט זיך אַפֿילו נישט באַליידיקן. ער האָט דעמאָלט בלויז געשמייכלט און געזאָגט:

— נו, אויב איר האָט מורא, איך זאָל נישט אַנטלויפֿן מיט דעם פֿאַרמעגן קיין אַמעריקע, סאָ שטעלט זיך פֿאַר מיר!

אין דער היים האָט אויף פּאַוועלן זעלטן געוואַרט אַ גלאָז הייסע טיי. ס'רוב פֿלעגט אים די מומע געבן בלויז אַ טרוקן שטיק ברויט אין האַנט אַרײַן און, אָנווײַזנדיק די פּעקלעך וועש, וואָס זײַנען געלעגן אויפֿן בעט און אויפֿן טיש, זאָגן קורץ:

— טראָג דאָס אָפּ!

טייל מאָל האָט פּאַוועל געפּרוווט אָפּאָנירן: דער לערער איז שוין אַזוי אויך געגנוג בייז אויף אים, ווײַל ער קומט נישט אין קלאַס און פֿאַרשפּעטיקט זיך אויף די לימודים, און דערצו נאָך — ער איז אַזוי געפּרורין געוואָרן אין דער רײַ, און די לעכערדיקע שיך... אָבער דאָס האָט זיך געטראָפֿן זעלטן, ווײַל בײַם טיש איז געווײנטלעך געזעסן דער פֿעטער און, קוקנדיק פֿאַר זיך מיט רויטע, שיכּורע אויגן, געטרונקען טיי מיט ציטרין.

און שטענדיק, ווען דער פֿעטער איז געזעסן אין אַזאַ מצבֿ, האָט ער געזוכט אַ ס י ב ה. ער האָט אָבער געקאָנט אַן דעם אויך...

— פּאַוועל האָט קיין געוואָגט צו אָטעמען אין זײַן קעגנוואַרט.

נישט אָנוואַרטנדיק זיך אַפֿילו געגנוג אין שטוב, האָט פּאַוועל גענומען דאָס פּעקל און זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַרײַן.

און ווען ער איז געבליבן שטיין אין זײַנע געלעכערטע, פֿאַרבלאָטיקטע שיך פֿאַר די טירן פֿון ווירטונגען, צו וועלכע עס האָבן, ווי צו עפּעס אַ פֿאַרכישופֿטן פּאַלאַץ, געפֿירט ווײַסע מירמל־שטיינערנע טריט, באַדעקטע מיט אַ רויטן טעפּיך, שטיגן, וואָס

זײַנען אַזוי נישט ענלעך צו די ברודיקע, פֿאַרשפּיגענע און עיפּושדיקע שטיבן אין די אַרבעטער־הײַזער, — האָבן אים די דינסט־מיידלעך קיין מאָל נישט אַרײַנגעלאָזט אינעווייניק.

ער וואָלט דאָך נאָך געקאָנט עפּעס צולאַקכענען און אָנטראָגן בלאָטע...

זיי האָבן דעריבער צוגענומען די פּעקלעך, פֿאַרקלאַפּט די טיר הינטער דער נאָז און געהייסן „וואַרטן".

און פּאָוועל האָט געהאָרכזאַם געוואַרט הינטער דער טיר אויף געלט פֿאַר דער אַרבעט.

וואָס אַזוינס האָט זיך געקאָנט געפֿינען הינטער די דאָזיקע טירן? פּאָוועל האָט דאָס נישט געוווּסט — ער האָט אָבער געטראַכט, אַז דאָרט מוז וווינען די ש י י נ ק י י ט אַליין. עפּעס אַזוינס, ווי די פּראַכטפֿולע און זתיק־גאָלדענע, בלישטשענדיקע קליאַמקעס בײַ די טירן, אויף וועלכע ער האָט געקוקט, און אפֿשר — נאָך עפּעס שענערס, ־ווײַל די קליאַמקעס זײַנען דאָך בלויז געווען דער גאָלדענער שליסל, וואָס האָט געשלאָסן די טויערן פֿון געהיימניספֿולן פּאַלאַץ.

און ער האָט אויך געטראַכט: פֿאַר וואָס עפּעס געפֿינען זיך דווקא ד י און נישט ער אויף דער אַנדערער זײַט? פֿאַר וואָס איז עס אַזוי, וואָס אין דער זעלבער צײַט, ווען „יענע" יינגל אין זײַן עלטער (אפֿשר אויך אַ פּאָוועל) ליגט איצט אין וואַרעמען בעט און עס וועקט אים די שמייכלענדיקע מאַמע — „נו, צײַט שוין, ס'איז שוין צײַט אין שול, מײַן יינגעלע!" — אין דער זעלבער צײַט ווען פֿאַר יענעם קאָכט מען איצט פֿרימאָרגן־קאַווע און מען שמירט בולקעס, — מוז ער, אַ יינגל אין זעלבן עלטער וואָס יענער, שטיין הינטער דער טיר, אַדורכגענעצט אין גאַנצן, טריט מיד, קלאַפּנדיק מיט די ציין פֿאַר קעלט, מיט זײַנע געלעכערטע, פֿאַרבלאָטיקטע שיך?

יענער וועט, פֿאַרשטייט זיך, קומען אין שול צו דער צײַט און דערלאַנגען דעם לערער אַ ריינעם העפֿט, אויסגעפֿילט מיט שיינעם, גלײַכן שריפֿט.

ער אָבער וועט זיך פֿאַרשפּעטיקן. זײַנע העפֿטן, געשליי־
דערטע פֿון ווינקל צו ווינקל, זײַנען שמוציק און פֿאַרפֿעטסט, און
די אותיות, געשריבן אויף די קני בײַ אַ ווינקעלדיק בענקל (דער
טיש איז שטענדיק נייטיק צום פּרעסן), זײַנען קרום און אומ־
געלומפּערט. יענער האָט מיסתּמא אַלע נײַסיקע ביכער, ער —
קיין איינס נישט. יענעם האָבן די חבֿרים ליב און זיי קריגן זיך־
דיכער, ווער ס'זאָל לעבן אים זיצן. צו אים האָט זיך פֿון יינגסטן
קלאַס אָן, פֿון דעם מאָמענט, ווען די לערערין האָט געזאָגט, אַז
ער האָט אַ שמוציקן קאָפּ, צוגעקלעפּט דער צונאָמען „לויזיקער"
און דאָס ייִנגל, וועלכן דער לערער האָט געצוווּנגען זיך צו זעצן
מיט אים אויף איין באַנק, פֿאַרשטעלט זיך די נאָז מיט די
פֿינגער, ווײַל פֿון די מלבושים, אין וועלכע ער גייט און אין
וועלכע ער שלאָפֿט, פֿילט זיך מיט שווייס און פֿולעכיש.

און ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט פֿון שטאָט, איז ער
שוין נישט געגאַנגען אין שול. צו שפּעט, שוין נישטאָ צו וואָס.
ער איז אַוועק אין גאַס זיך שפּילן מיט די גאַסן־ייִנגלעך אין
קנעפּלעך אָדער פּאַליאַנט. פֿון זיי האָט ער זיך דערוווּסט פֿיל
אינטערעסאַנטע זאַכן וועגן „שוואַרצן אַנטעק", דעם באַנדיט פֿון
דער וואַסל־געגנט, און וועגן דעם „פּיפּיקן יוזעפֿעק", וועלכן קיין
שום פּאָליציאַנט קאָן נישט כאַפּן.

זײַן מיטאָג איז באַשטאַנען פֿון אַ ביסל הייסע זופּ, וואָס
מען האָט אים בסוד פֿון פֿעטער איבערגעלאָזט. נאָכן מיטאָג
האָט ער געהאָלפֿן דער מומען אַרויסטראָגן די עמערס שמוציק
וואַסער. שבת ווידער פֿלעגט ער גיין צו דער קרעמערין וואַשן
די פּאָדלאָגע; זי האָט אים דערפֿאַר געגעבן אַ פּאָר גראָשן און
אַ מאָל אַ העפּט. שבת אָוונט האָט ער שטענדיק מורא געהאַט
אַהיים צו גיין. שבת צאָלט מען אויס דאָס געהאַלט און אין
דעם טאָג איז דער פֿעטער שטענדיק שיכּור. אונטערקומען אים
דעמאָלט „אונטער דער האַנט" איז געווען פּשוט אַ סכּנה... אין
בעסטן פֿאַל פֿלעגט ער אין אַזעלכע מאָמענטן אָנכאַפּן דעם
„אומויסטן פֿרעסער", ווי ער פֿלעגט שטענדיק רופֿן פּאַוועלעקן,

פֿאַרן קאַרק און מיט אַ בריקע פֿון פֿוס אַרויסוואַרפֿן הינטער דער טיר.

דערפֿאַר טאַקע האָט פּאַוועל שבת נישט „געוואָלט" אַהיים גיין.

ער פֿלעגט זיך אַוועקזעצן אויף די הילצערנע שטיגעלעך, וואָס פֿאַרן הויז, און וואַרטן אַזוי לאַנג, ביז דער פֿעטער וועט איינשלאָפֿן און די מומע וועט אַרײַננעמען אים אין שטוב.

אָבער עס זענען אַדורך שעהן, און קיינער איז נישט אַראָפּגעקומען.

פּאַוועל האָט סיף אײַנגעגראָבן דעם קאָפּ אין קאָלנער פֿון דער קורטקע און געהויכט אויף די הענט, כדי זיי צו דער־וואַרעמען אַ ביסל. אָבער נישט וועלנדיק האָבן דעם אויסזען פֿון אַן „אויסגעווייקט הינטל", האָט ער זיך אונטערגעפֿײַפֿט און געוואָרפֿן מיאוסע אויסרופֿן.

— וואָס וועט דאָס אויסוואַקסן פֿון דעם חבֿרה־מאַן! — האָט געקרעכצט דער הויזוועכטער, פֿאַרשליסנדיק דעם טויער.

אויף דער גאַס האָבן זיך באַוויזן וואָס אַ מאָל ווייניקער פֿאַרבײַגייער, און שפּעטער איז געוואָרן אין גאַנצן פּוסט. בלויז די לאַמטערן האָבן געגלאַנצט אין ווײַסן נעפּל, און פֿון שײַנק האָבן זיך דערטראָגן ווילדע גראַמאָפֿאָן־קולות, שיכורע געשרייען און אַ הייזעריק געלעכטער.- עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן דאָס ערשטע פֿרעסטל, און פּאַוועלס נאַסע פֿיס האָבן גענומען שטײַף ווערן; זיי האָבן אים שרעקלעך ווי געטאָן און געברענט. ס'האָט אים אַ ציטערניש דעם קערפּער אַדורכגענומען, און עס איז אים געוואָרן קאַלט און היים, דער קאָפּ — שווער און מיד.

עפּעס אַ קראַנץ פֿון אַ שליסל אין שלאָס!

ניין, דאָס איז נישט די מומע.

דאָס איז בלויז דער שכן, — אַ נאַכטוועכטער אין נאָענטן האָלצלאַגער, — געגאַנגען צו דער אַרבעט.

און פּאַוועל האָט מיט אַ מאָל באַקומען דעם אײַנדרוק, אַז ער איז נישט דער באַקאַנטער גאַסניונג פּאַוועל, נאָר אַ קליין פֿאַרלאָזט קינד, וועלכן ס'קומט אויך עפּעס אַ היים, אַ מאַמע און אַן אָרט אויף דער וועלט!

און איצט, ווען קיינער האָט דאָס נישט געקאָנט זען, האָט ער אָנגעהויבן שטיל צו וויינען, פונקט ווי יעדעס פשוט, נישט פֿאַרוואָרלאָזט קינד...

און איצט ווייס איך שוין אפֿשר אַלע פֿאַרשטיין, וואָס פֿאַר פּאַוועלן האָט באַטײַט דער קלוב.

* * *

ליכט און וואַרעמקייט! אַן אָרט בײַם טיש, אַן אייגענער שופֿלאָד אויף זאַכן (אַן אמתער שופֿלאָד מיט אַ שליסל!), אַ וואַרעם פֿאַרנאַכט־עסן, וואָס ווערט נישט צוגעוואָרפֿן ווי איבערבלײַבעכץ פֿאַר אַ הונגעריקן הונט, נאָר ס'ווערט דיר דערלאַנגט אין אַ ריין שיסעלע און מיט וואַרעמע ווערטער — „און אפֿשר ווילסטו נאָך, פּאַוועלעק?"... אַ בוך, וואָס עפֿנט נײַע האָריזאָנטן!

און דאָס, וואָס קיינער שרײַט נישט אויף דיר, קיינער שטויסט דיך נישט און קיינער קוקט נישט אויף דיר, ווי אויף אַ פֿײַנט און איבעריקן מענטש!

די דאָזיקע ברידערלעכקייט, דאָס געפֿיל פֿון „בירגערשאַפֿט", די הענט פֿון פֿרײַנד, וואָס ציִען זיך צו דיר פֿון אַלע זײַטן!

די ליבע צום קלוב איז אויסגעבראָכן אין פּאַוועלס האַרץ, ווי אַ שׂרפֿה!

דער קלוב איז געוואָרן זײַן היים! זײַן ערשטע היים!

און פּאַוועל האָט געוואָלט, אַז די דאָזיקע היים זאָל זײַן די שענסטע פֿון אַלע, עס זאָלן צו איר פֿירן טירען, אויסגעשמידטע פֿון זילבער!

און ער האָט געטראַכט אַלע טאָג קוקן — אויף צעראַצטע טירן און קליאַמקעס...

און פּאַוועל האָט באַשלאָסן זיך אַן עצה צו געבן מיט דעם.

ער האָט אַזוי לאַנג געבעטן אַ באַקאַנטן מאָלער, ביז ער האָט פֿון יענעם אַרויסגעקראָגן אַ שיינעם ווײַסן לאַקיר מיט אַ בלעכלעכן אָפּגלאַנץ, און ער האָט אָפּגעמאָלט די טירן. איצט זײַנען זיי שוין מיאוס געווען נאָר צוליב די פּוסטע לעכער פֿון

די קליאַמקעס. אָבער פּאַוועלעק האָט געזאָגט מיט פאַרקריצטע ציין:

— און דאָס וועט זײַן געמאַכט!

און ס'האָט זיך ווירקלעך געמאַכט. צו מאָרגנס, ווען מיר זײַנען געקומען אין קלוב אַרײַן, האָבן מיר אויפגעריסן די אויגן: די אַרײַנגאַנגס-טיר און די טיר, וואָס האָט געפירט אין ביבליאָטעק-צימער, זײַנען געווען באַפּוצט מיט פּראַכטפולע מעשענע, ווי גאָלד, בלישטשענדיקע קליאַמקעס!

נאַטירלעך, מיר האָבן געמאַכט פאַר שימחה ביז צום סוף און מיר אַלע, נאַטירלעך, האָבן געוואָלט „וויסן". אָבער פּאַוועלעק האָט געשוויגן. ער האָט בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ און געפּײַפט. אין פלוג האָט ער זיך אַפילו גאַרנישט געמאַכט דערפון, נאָר זײַנע בלאָע אויגן אין מיאוסן, געשטופּלטן פּנים האָבן געברענט מיט אַ פײַערל און דאָס מויל האָט נישט וועלנדיק געלאַכט.

און קיינער האָט זיך נישט דערוווּסט. נישט די חברים, נישט פרוי אָסקערסקאַ. קיינער האָט זיך נישט דערוווּסט, ביז צום שרעקלעכן מאָמענט.

אַ וואָך שפּעטער איז געקומען צו לויפן מיט צעפלאַמטע באַקן, מיט צוזאַמענגעקנייטשטע פּריסטן און פאַרטרערטע אויגן, יורעק ווישניעווסקי. און ער, וועלכער האָט קיין מאָל נישט אָנגעהויבן קיין געשלעג, האָט זיך מיט אַ ווילדער פוריע געוואָרפן אויף פּאַוועלעקן. מיר האָבן אים קוים געקענט אָפּרײַסן.

— דו — גנבֿ! דו, אומפאַרשעמטער גנבֿ! — האָט ער געשריגן מיט אַ ווילדער און הייזעריקער שטים. די טרערן האָבן אים געשטיקט אין האַלדז.

און שפּעטער, אויסדריייענדיק זיך צו אונדז, האָט ער געזאָגט שוין רויִק, כאָטש ער האָט זיך נאָך אין גאַנצן געטרייסלט פון כעס:

— מען דאַרף אים האָט שנעלער אַרויסוואַרפן! צי ווייסט איר, פון וואַנען ער האָט גענומען די קליאַמקעס? ער האָט זיי געגנבֿעט! יאָ! געגנבֿעט.

— איך בין אָקערשט פֿאַרבײַגעגאַנגען די קראָם, וואָס קען־איבער און כ׳האָב געהערט, ווי דער גראָבער קרעמער האָט דערציילט עפּעס אַ פּרוי:

— איך קום אַ היים און דאָ זע איך, אַז די פֿענצטער זײַנען צעעפֿנט, כאָטש איך האָב זיי פֿאַרן אַרויסגיין פֿאַרמאַכט. עפּעס האָט מיר אַ שטאָך געטאָן אין האַרץ. אָבער — ס׳פֿעלט גאָרניסט. כ׳קוק אַהין און אַהער און אָט דערזע איך, אַז עס זײַנען נישטאָ די קליאַמקעס אין טיר! צי קען מען דען רויִק אַרויסגיין פֿון שטוב, ווען דאָרט אַנטקעגן קומען זיך צונויף אַלע גאַסניונגען און גנבֿימלעך! איך וואָלט געשווירן, אַז דאָס האָבן זיי צוגעלקחנט!

— אַזוי האָט ער געזאָגט וועגן אונדזער קלוב... און... ר׳איז געווען גערעכט!

דאָ האָט זיך יורעק ווישניעווסקי, דער עלטסטער צווישן אַלע ייִנגלעך, דער עלעגאַנטסטער, דער, וואָס קען זיך באַהערשן אין יעדער לאַגע, צעוויינט אויפֿן גאַנצן קול, אַזוי ווי אַ קליין יאַטל פֿון דער ערשטער אָפּטיילונג.

אַלע זײַנען מיר געשטאַנען און געשוויגן. פּאַוועלעק, וועלכער איז פֿון אָנהייב, ווען יורעק ווישניעווסקי האָט אויסגעשריגן „אומפֿאַרשעמטער גנבֿ", רויט געוואָרן פֿון כּעס און געוואָלט פּראָטעסטירן, האָט בײַ די לעצטע ווערטער „אַזוי האָט ער געזאָגט וועגן אונדזער קלוב", אָפּגעהאַקט אין מיטן. זײַן בלייך פּנים איז געוואָרן ווײַס ווי פּאַפּיר, ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט, און פֿון זײַן מויל האָט זיך אַרויסגעריסן אַ קורצער און שטילער אויסגעשריי:

— אָך!

דאָס איז געווען אַן אויסגעשריי, וואָס מ׳האָט אים קוים געהערט, דאָך איז אין אים געווען עפּעס אַזעלכעס, אַז מיר זײַנען אַלע אויפֿגעטרייסלט געוואָרן. און ווידער איז געוואָרן שטיל. דער ערשטער האָט די שטילקייט איבערגעריסן אַנטעק.

— נו איז, — האָט ער פּאַמעלעך אָנגעהויבן, — נו איז... — אָבער, ווײַל ער האָט קיין מאָל נישט געקאָנט גוט ריידן, נאָך

דערצו אין אַזאַ שווערן מאָמענט, האָט ער בלויז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און גענומען נישטערן אין די קעשענעס.

און אין די קעשענעס האָט אַנטעק שטענדיק געהאַט פֿאַרשיידענע דראָטלעך, צוועקעלעך, פֿײַלעכלעך און סטוועקעס; אַ גאַנצער לאַגער פֿון מכשירים. איצט האָט ער פֿון די קעשענעס אַרויסגעצויגן אַ שרויפֿן-ציַיערל און גענומען אָפּשרויפֿן די קליאַמקעס.

אַלע זײַנען דעמאָלט געקומען צו זיך און גענומען שרײַען מיט צעהיצטע שטימען:

— יאָ! יאָ! שנעלער, אַנטעק! שנעלער! עמעצער קען נאָך אַרײַנקומען און זען! וואָס פֿאַר אַ חרפּה!

ס'האָט זיך אונדז געדוכט, אַז די שײַנע גלאַנצנדיקע קליאַמקעס, וואָס זײַנען נאָך מיט עטלעכע רגעס פֿריִער געווען אונדזער שטאָלץ, זײַנען צופֿיל גאָלדיק, צופֿיל גלאַנציק, אַז זיי וואַרפֿן זיך אַלעמען אין די אויגן און טראָגן פֿונאַנדער אונדזער שאַנד, אַז מען זעט זיי אַדוש פֿון דער גאַס.

און יורעק ווישניעווסקי, וועלכער האָט זיך שוין אין גאַנצן באַהערשט, האָט געזאָגט:

— איך וועל נעמען די קליאַמקעס און זיי אַרײַנטראָגן צום קרעמער. כ'וועל אים זאָגן, אַז מען האָט זיי אונטערגעוואָרפֿן אין אונדזער טויער און איך האָב זיי געפֿונען.

— און אפֿשר איז גאָר בעסער זיי אַוועקצולייגן לעבן דער קראָם? — האָט געפֿרעגט דער געלער יאַשעק.

אַלע האָבן גענומען געבן פֿראַיעקטן און זיך שפּאַרן.

בלויז פּאַוועלעק איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט, אַ בלאַסער און אומבאַוועגלעכער. פּלוצלונג האָט ער זיך אויסגעגלײַכט, גענומען דאָס היטל און געזאָגט מיט אַ שטיל, מאַט קול.

— נו, וועל איך שוין גיין...

און אַלע זײַנען ווידער אַנטשוויגן געוואָרן, ווי אויף אַ באַפֿעל.

— נו, וועל איך שוין גיין... — האָט ער נאָך שטילער איבערגעחזרט, ווי ער וואָלט וואַרטן, אַז עמעצער זאָל זיך אָנרופֿן, אָדער מאַכן עפּעס אַ באַוועגונג.

אָבער קיינער האָט זיך נישט גערירט.

דאַן האָט פּאַוועלעק גענומען דאָס היטל און איז שטיל אַרויסגעגאַנגען.

אָבער ווי גאָר די טיר האָט זיך הינטער פּאַוועלן פֿאַרמאַכט, האָט זיך נאָך אים געלאָזט יאַצעק מאַרטיניאַק.

יאַצעק איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען אין ווינקל פֿאַרשטעקט אין דער מאַסע יינגלעך. אָבער איצט האָט ער זיך פֿאַר אונדז פּלוצלונג באַוויזן מיט צעפּלאָמטע אויגן, אַ בלאַסער, נאָך בלאַסער פֿון פּאַוועלעקן, און געפֿירט אים אַ געהאָרכזאַמען און פֿאַרלוירענעם בײַ דער האַנט.

— ניין! — האָט ער אויסגערופֿן — ניין! נישט צוליב דעם געפֿינען מיר זיך דאָ, כּדי אים אָפּצושטויסן! דאָס, וואָס איר טוט, איז אַ חרפּה! נאָך מער חרפּה ווי די קליאַמקעס! ער האָט דאָך דאָס געטאָן פֿאַרן קלוב! ער האָט נישט געטראַכט וועגן דעם, וואָס ער טוט! אָבער איצט ווייסט ער דאָך שוין! און איר וועט די קליאַמקעס נישט אונטערוואַרפֿן! דאָס איז אַ פּחדנותדיקע אַרבעט! פּאַוועל וועט אָוועקטראָגן די קליאַמקעס. און ער וועט זאָגן, זאָגן דעם אמת, אַזוי ווי ס'איז געווען — אַלץ, נישט בלויז, אַז ער, ווײַל מיר זײַנען דאָ אַלע טיילווײַז שולדיק. און שפּעטער וועט ער זיך אומקערן צו אונדז, צו זײַן קלוב. און קיין מאָל מער וועט מען שוין וועגן דעם נישט ריידן, און דעמאָלט וועלן מיר ערשט זײַן אין אָרדענונג.

— איך, — האָט שטיל, שטאַמלענדיק אָנגעהויבן פּאַוועלעק — איך וועל אָפּטראָגן. אָבער כ'וועל נישט זאָגן, אַז פֿאַרן קלוב. צו וואָס דאַרף מען דאָ אַרײַנמישן דעם קלוב! כ'וועל זאָגן אַזוי — אויף פּאַפּעראָסן, אָדער אויף צוקערקעס, אָדער אויף בראָנפֿן און... אַ... אַז... ס'איז מיר נישט געלונגען צו פֿאַרקויפֿן.

— ניין! — האָט שטרענג געזאָגט יאַצעק (און ס'האָט זיך מיר געדוכט, אַז יאַצעק, װעלכער איז געװען אַ סך נידעריקער פֿון פּאַװעלעקן, איז זייער, זייער גרויס), — ניין! דו װעסט אים זאָגן דעם אמת! און װעסט נישט גיין אַליין — מיר װעלן גיין זאַלבעצווייט.

און אַלע האָבן געװוּסט, אַז אַזוי דאַרף טאַקע זײַן, כאָטש קיינער האָט זיך נישט אָנגערופֿן מיט קיין װאָרט.

מיר זײַנען געשטאַנען און האָבן געקוקט אויף די ליידיקע ערטער נאָך די קליאַמקעס, און ס'איז אונדז געװען אַ שרעקלעכע שאַנד... אָבער דערבײַ האָבן מיר געפֿילט עפּעס אַ גרויסע, אומגעהײַערע דערלײַכטערונג.

---

מלכה לי

# דאָס באָרוועסע ייִנגעלע

אין פֿראָסטיקן מאָרגן, אין בלענדיקן ווײַס
איז אויפֿגעשטאַנען אַ זילבערנער גרײַז,
זײַן מאַנטל — פֿעדעם געשפּינטע פֿון פֿראָסט,
מיט ווינט צעפּלעט, די פּאָלעס צעלאָזט.
גייט זיך אַזוי דער שנייִקער גרײַז,
זעט ווי די וועלט פֿאַרגליווערט אין אײַז.
ווײַס הינטערן באַרג אַ שטיבעלע שטייט,
אין קוימען דער ווינט וואָיעט און וויינט...
בײַם פֿענצטערל דאָרט זיצט אַ קינד,
מיט באָרוועסע פֿיס צעבלויטע פֿון ווינט,
דורך פֿראָסטיקער שויב דאָס ייִנגעלע זעט
דעם זילבערנעם ווינטער און ווײַסן זשילעט...
אויף אַלע פֿענצטער איז יום־טובֿ שוין דאָ
ביימעלעך גרינע און ליכטעלעך בלאָ,
זײַן מאַמע האָט אים דערציילט פֿון אַ שפּרוך —
היינט קאָן ער זיך ווינטשן אַ גאָלדענעם שוך.
נאָר דאָס ייִנגעלע וויל נישט קיין שיכל פֿון גאָלד,

ער האָט זיך בײַם שויב אַ פּאָר שיך אויסגעמאָלט,
אַ פּאָר לעדערנע שיך אויף די באָרוועסע פֿיס —
דאָס וועט ער דאָך קריגן הײַנט אויף געוויס...
און ער מאָלט פֿון פֿאַרפֿרוירענע בלומען זיך אויס
אַ מאַנטל, אַ היטל, אַ וואַרעמע הויז.
דער נאַקעטער טיש מיט אַ טישטעך געדעקט,
ברייטלעך ווײַסע און פּוטער געבעקט...
דער זילבערנער גרײַז אין ווײַסן זשילעט
האָט זיך פֿון שניי אַ בעט אויסגעבעט,
קנאַקט מיט די צווײַגן צעטריקנט פֿון קעלט,
ווײַט ליגט באַדעקט די שנייִקע וועלט...
דאָס באָרוועסע ייִנגעלע בײַם פֿענצטערל זיצט,
דורך בלויע טרערן חלומט נאָך איצט —
און מאָלט פֿון פֿאַרפֿרוירענע בלומען זיך אויס
אַ פּאָר לעדערנע שיך, און אַ וואַרעמע הויז...

---